פון [illegible]
מחבר,

משה זאַלצמאַן

# דער העראָישער יידישער פרייהייט־קעמפער
# יוסף עפשטיין (קאָלאָנעל זשיל)

משה זאלצמאן

# יוסף עפשטיין
# (קאָלאָנעל זשיל)

## דער העראָישער
## יידישער פרייהייטס־קעמפער

פּאַריז 1980

**Moché ZALCMAN**

# Joseph EPSZTEJN (Colonel Gille)

## Combattant héroïque juif pour la liberté

ACHEVE D'IMPRIMER SUR LES PRESSES DE LA SOCIETE D'IMPRIMERIE PERIODIQUES ET D'EDITION, 32, RUE DE MENILMONTANT, 75020 PARIS, EN MARS 1980

# פאָרוואָרט

די יידישע חורבן־ליטעראַטור פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אָנגעזאַפּט מיט טיפן טרויער.

יידן האָבן פאַרנומען אַ „פּריווילעגירטן" אָרט אין דער היטלער־מלחמה קעגן דער מענטשהייט.

יידן האָבן געליטן, האָבן געקעמפט, זיינען געפאַלן. קיין אַנדער פאָלק האָט נישט געצאָלט פּראָפּאָרציאָנעל, אַזאַ שווערן פּרייז!

אָט־די קאַפּיטלען וואָלטן געדאַרפט געשריבן ווערן דורך פּראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער, ווייל ס'איז דאָ פיל צו זוכן און צו אַנטדעקן. מען האָט אויסגעגראָבן באַהאַלטענע שריפטן אין פאַרשידענע געטאָס; אָבער עס זיינען נאָך פאַראַן פיל סודות, וואָס מען קאָן אַנטפּלעקן, רעדנדיק מיט לעבנגעבלי־בענע על פּי נס געראַטעוועטע פון די נאַצישע מערדערישע נעגל.

מען קאָן זאָגן, אַז יעדער ייד, וואָס האָט איבערגעלעבט די דאָזיקע שוידערלעכע תּקופה, האָט זייער פיל צו דער־ציילן...

משה זאַלצמאַן איז איינער פון די, וועלכע האָבן איבער־געלעבט אַ גאָר באַזונדערן קאַפּיטל. ער האָט עס דערציילט אין אַ בוך „און מען האָט מיך רעהאַביליטירט" (איבערלע־בונגען פון אַ יידישן קאָמוניסט אין די סאָוויעטישע תּפיסות און לאַגערן), וואָס איז געשריבן געוואָרן אין יידיש און איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פראַנצויזיש און אין עבֿרית; אַ בוך וואָס האָט געפונען אַ ביז גאָר ברייטן אָפּקלאַנג

ער האָט זיך געקאָנט מיט דעם באַגנוגענען, אָבער דאָס איז נישט די טבע פון אַ מענטש, וואָס האָט אַזוי פיל איבער־געלעבט, טראַגנדיק אין אַלע אומשטענדן דעם אַלטן יידישן בטחון.

זיין ליידנס־וועג אין ראַטנפאַרבאַנד האָט אים נישט דער־ווייטערט פון זיין חלום וועגן אַ וועלט פון גלייכהייט, ברי־דערלעכקייט, סאָציאַליזם מיט אַ מענטשלעכן אויסזען.

אויב עפּעס האָט זיך אַ ריר געטאָן אין אים, איז עס גע־ווען אין אַ פּאָזיטיווער ריכטונג; ער איז היינט נאָך מער איבערגעגעבן זיין געליטענעם יידישן פאָלק און די יידישע מדינה, וועלכע האָט אויפגעוואַכט נאָך אַ צוויי טויזנט־יאָריקן גלות.

איינע פון די סיבות, וואָס האָבן אים באַוויגן צו שרייבן וועגן דער גלאָרייכער פיגור פון זיין בן־עיר. יוסף עפּשטיין, איז זיין צוגעבונדנקייט צו זאַמאָשטש. יעדער ייד, וואָס איז אַוועק אין דער גרויסער וועלט, האָט מיטגענומען מיט זיך, אַ בענקשאַפט נאָך זיין אַלטער היים. די דאָזיקע נאָסטאַלגיע איז אָפּגעהיט געוואָרן און אפשר זיך געשטאַרקט, נאָכדעם ווי די היטלערישע חיילות האָבן פאַרניכטעט יידישע שטעט און שטעטלעך, נישט איבערלאָזנדיק אפילו קיין שפור.

דער, וואָס איז לעבן געבליבן האָט איבערגענומען די ירושה: אַלץ צו דערציילן וועגן חורבן, צו דערמאָנען די פרעכטיקע יידישע קהילה, וואָס איז אָפּגעמעקט געוואָרן, מיט אירע דענקער, רבנים, פשוטע יידן. משה זאַלצמאַן דערמאָנט טאַקע אין אָנהויב פון זיין אַרבעט די גרויסע יידישע פיגורן וועלכע שטאַמען פון זאַמאָשטש.

אָבער זיין אויסוואַל צו דערציילן די געשיכטע פון יוסף עפּשטיין דערפירט אונדז צו דער צווייטער סיבה, אַ סיבה וואָס ברייטערט אויס די פערספעקטיוו און דערפירט אונדז

צו די מלחמה־טעג, טעג פון אומקום, אָבער אויך טעג פון גבורה.

צאָלרייך זיינען אונדזערע העלדן, וועלכע זיינען ראוי, אַז זייער געשיכטע זאָל באַשריבן ווערן. משה זאַלצמאַן האָט אויסגעקליבן זיין בן־עיר. זיין עסיי אַנטפּלעקט פאַר אונדז די געשטאַלט פון אַ יידישן העלד, געפאַלן אין קאַמף קעגן די דייטשע באַרבאַרן.

עס ליגט פאַר מיר אַן אויסצוג פון אַ דעקרעט, אַרויס־געבן דעם 31־טן אָקטאָבער 1947 (פאַרעפנטלעכט דעם 21־טן נאָוועמבער). אָט דער היסטאָרישער דאָקומענט איז אונטער־געשריבן דורכן מלוכה־פּרעזידענט ווינסען אָריאָל, דורך דעם רעגירונג־שעף ראַמאַדיע און דורכן קאָמבאַטאַנטן־מיניסטער טייטשזען. דאָס איז דער דעקרעט, וועלכער גיט איבער דעם מעדאַל פון ערן־לעגיאָן אַן אומגעקומענעם יידישן העלד.

עס ווערט דערמאָנט אַז יוסף עפּשטיין (באַקאַנט אַלס קאָלאָנעל זשיל) איז געווען לייטענאַנט־קאָלאָנעל פון די פּ. פּ. אי. מען דערמאָנט זיינע פעאיקייטן אַלס אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט אויפגעשטעלט און אָנגעפירט מיט די ערשטע פרייע בריגאַדעס פון דער פּאַריזער געגנט. ער האָט אָנגעפירט און אָנטיילגענומען אין פיל געוואַגטע אָפּעראַציעס. מען האָט אים אַרעסטירט אין אָקטאָבער 1943, און ער איז געפאַלן אונטער דעם שונא׳ס קוילן דעם 11־טן אַפּריל 1944.

צו דעם מעדאַל ווערט צוגעגעבן דער „קרואַ דע גער" (קריגס־מעדאַל) מיט פּאַלמען.

לייענענדיק אָט די פּאָר שורות, ווילן מיר וויסן מער וועגן אָט דעם יונגן יידישן העלד; און דאָס איז מעגלעך אַדאַנק דער אַרבעט פון משה זאַלצמאַן.

אָט דערוויסן מיר זיך וועגן זיין יוגנט, זיין משפּחה, וועגן זיין אָנשלוס אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זיין אַרעסט, זיין אַנטלויפן קיין מערב־אייראָפּע... ער וועט זיין צווישן

די ערשטע יידישע פרייהייטס־קעמפער, וועלכע אַנגאַזשירן זיך צו פאַרטיידיקן די שפּאַנישע רעפּובליק, באַפאַלן דורך פראַנקאָ, ביי דער מיטהילף פון היטלער און מוסאָליני.

דער ערשטער גרויסע מיליטערישער פאַרמעסט מיטן פאַשיזם, איז, ליידער אַ פאַרשפּילטער; עטלעכע יאָר קעמפט די רעפּובליקאַנישע אַרמיי מיט דער הילף פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס העלדיש.

נאָכן פאַלן פון שפּאַניע קומט יוסף עפּשטיין צוריק קיין פּאַריז. די צווייטע וועלט־מלחמה ברעכט אויס. פראַנקרייך ווערט באַזיגט, באַזעצט דורך דער דייטשער אַרמיי. אין גיכן הייבט זיך אָן אַ ווידערשטאַנד־קאַמף. איינער פון די איניציאַטאָרן איז דער קאָלאָנעל זשיל, פון דער היים יוסף עפּשטיין.

דער אומדערמידלעכער יידישער פרייהייטס־קעמפער שטעלט זיך אַנטקעגן דער מעכטיקער דייטשער אַרמיי. ער איז אַ מומחה אין אונטערערדישן קאַמף קעגן דער היטלערישער בעסטיע.

יוסף עפּשטיין איז געפאַלן אין דאָזיקן קאַמף, אָבער דער זיג איז געווען זיינער. די תלינים פון געשטאַפּאָ האָבן נישט באַוויזן אים צו ברעכן, נישט פיזיש, נישט מאָראַליש. ער איז געפאַלן פון די דייטשע קוילן און איז אַריין אין דער געשיכטע ווי אַ יידישער קעמפער פאַר דער פרייהייט, פאַר דער מענטשלעכער ווירדע.

מען האָט שוין פריער געשריבן וועגן יוסף עפּשטיין, אָבער משה זאַלצמאַן גיט אַ פול בילד פון זיין קורץ, אָבער ברויזנדיק לעבן. משה זאַלצמאַן האָט זיך ערנסט אינפאָרמירט, פיל געלייענט, אָפּגעגעבן אַ סך צייט, כדי אַרויסצוברענגען די לעגענדאַרע פיגור פון גרויסן יידישן ווידערשטענדלער.

מען דאַרף עס לייענען און דערציילן, איבערהויפּט דעם יונגן דור, וועלכער ווייסט אַז יידן זיינען געווען קרבנות, אָבער וויסן כמעט גאָרנישט פון אונדזער גלאָררייכע העלדן.

יוסף עפשטיינס לעבן און טויט זיינען פֿאַר אונדז אַ לערע, אַ ביישפּיל, אַ סימבאָל.

אַ יישר כוח משה זאַלצמאַן פֿאַר זיין נאָבעלן אויפטו!

**ה. בולאַווקאַ — פֿאָרזיצער פון פֿאַרבאַנד פון געוו. יידישע דעפּאָרטירטע אין פֿראַנקרייך.**

# דער בן־עיר פון זאַמאָשטש, דער קעמפער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע און העלד פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פּאַריז — יוסף עפּשטיין (קאָלאָנעל זשיל)

(צוגאָב־קאַפּיטל צום יזכור־בוך פון דער אויסגעמאָרדעטער קהילה זאַמאָשטש)

צווישן די הונדערטער יידישע קעמפער קעגן די דייטש־פאַשיסטישע אָקופּאַנטן אין פראַנקרייך, לויטן בוך פון זשאַק ראַווין „אין געראַנגל קעגן נאַצישן שונא", ווי אויך אַ ריי ביכער, אַרויסגעגעבן פון אַקטיווע אָנטיילנעמער און אָנפירער פון פראַנצויזישן ווידערשטאַנד, ווי שאַרל טיאָן, אָר־זוליאַס, גאַסטאָן לאַראָש א. אנד. טיילט זיך באַזונדער אויס דער געפאַלענער העלד פון מיין היים־שטאָט זאַמאָשטש, יוסף עפּשטיין, באַקאַנט ווי: קאָלאָנעל זשיל. אין אַן עפנט־לעכער אַרויסטרעטונג צו דער 20־יאָריקער באַפרייאונג פון פּאַריז, האָט דער פּאַרטיזאַנער און ווידערשטאַנד־פירער אוזוליאַס, (קאָלאָנעל אַנדריי), דערקלערט:

„אויב איך געפין זיך היינט צווישן אייך, האָב איך עס צו פאַרדאַנקען דעם חבר עפּשטיין, זיין פעסט־שטאָלענעם אומבויגזאַמען כאַראַקטער, זיין מוטיקע האַלטונג אויף דער אויספאָרשונג פון דער געסטאַפּאָ, טראָץ די אוממענטשלעכע פייניקונגען וואָס ער איז אויסגעשטאַנען. די חברים, וואָס האָבן זיך געפונען צוזאַמען מיט אים אין געסטאַפּאָ־אַרעסט, האָבן דערציילט, אַז זשיל האָט קיין איין וואָרט נישט אַרויס־געזאָגט. ער האָט געשוויגן".

אינסטינקטיוו, ירושהדיק, איז ער געווען דער פֿאַרזעצער פֿון דער טראַדיציע פֿון עטלעכע דורות יידישע רעוואָלוציאָנערן אין מזרח־אייראָפּע, געטריי צו בלייבן די אידעאַלן, ווי די מאַרטירער הירש לעקערט און נפתלי באָטווין.

אוזוליאַס שרייבט:

„עס שטייט פֿאַר מיינע אויגן ווי לעבעדיק די געשטאַלט פֿון מיין חבר, קאָלאָנעל זשיל. אַ דער פּוילישער ייד, געקומען קיין פֿראַנקרייך שטודירן, איז אַריין אין דער געשיכטע, ווי אַ גרויסער סטראַטעג אין גאַסן־קאַמפּן. זיינע קענטעניש און מסירת נפש זענען געווען אויף אַזאַ שטופֿע, אַז די ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט אים אָנפֿאַרטרויט די אָנפֿירונג מיט די באַוואָפֿנטע כוחות פֿון דער גאַנצער פּאַריזער געגנט; פּונקט ווי בעת דער פּאַריזער קאָמונע, באַשטימענדיק אַלס העכסטן מיליטערישן שעף דעם פּאָליאַק דאָמבראָווסקין. אונטער דער אָנפֿירונג פֿון עפּשטיינען, האָבן זיך אין די יאָרן 1942־43 פֿאַרמירט די אַטאַקעס אויף די נאַציבאַנדיטן, אפֿילו אין צענטער פֿון פּאַריז".

די אַרויסגעבער פֿון דעם ווערטפֿולן יזכור־בוך וועגן אונזער היימשטאָט זאַמאָשטש, די לאַנדסלייט אין אַרגענטינע, איז נאָך נישט באַוווסט געווען די העלדישקייט פֿון אונזער לאַנדסמאַן, דעם ווידערשטאַנד־קעמפֿער יוסף עפּשטיין, כדי אים צו פֿאַראייביקן אין פּאַנטעאָן פֿון דער עיר ואם בישראל. וויל איך דאָ, לויט מיינע באַשיידענע מעגלעכקייטן, פּרווון עס צו טאָן.

זאַמאָשטש איז די געבוירן־שטאָט פֿון גרויסע יידישע פּערזענלעכקייטן, ווי דר. שלמה עטינגער, רעדאַקטאָר צעדערבוים, און אונזער יצחק לייבוש פּרץ. די שטאָט, וואָס פּרץ האָט אין זיינע זכרונות אָנגערופֿן: קליין פּאַריז. און אין פּאַריז, די שטאָט פֿון ליכט, האָט יוסף עפּשטיין, אין די סאַמע טראַגיש־טרויעריקע טעג פֿאַרן יידישן פֿאָלק, געקעמפֿט

פאַר אונזער פרייהייט. ווען דאָס פּאַריזער פאָלק האָט גע־
יובלט דעם זיג פון דער פּאַריזער קאָמונע, האָט מען אין אַן
אָרעמער יידישער משפחה אין זאַמאָשטש איינגעוויגט דאָס
קרענקלעכע מיידעלע ראָזאַ, די שפּעטערדיקע קעמפערין ראָ־
זאַ לוקסעמבורג. מיט איר צאַרטער פּאָעטישער נשמה, מיט
איר גרויס מענטשלעך האַרץ, איז זי געווען די פאָרגייערין פון
גערעכטן קאַמף פון דער מענטשהייט און איז אויך געווען
פון די ערשטע קרבנות פון די רעאַקציאָנערן, די דייטשע
יונקערס, די פאָרגייער פון היטלעריזם. צוזאַמען מיטן אַר־
בעטער־פירער קאַרל ליבקנעכט, איז זי דערמאָרדעט גע־
וואָרן אין 1919, און זייערע קערפּערס זענען אַריינגעוואָרפן
געוואָרן אין קאַנאַל.

יוסף עפּשטיין זאָל אויך שטאַמען פון דער משפחה פון
י. ל. פּרץ, אונזער קלאַסיקער, וועלכער האָט געשריבן:

אַלע מענטשן זענען ברידער,
שוואַרצע, ווייסע, געלע, רויטע.

## די יחוס־קייט פון יוסף עפּשטיין

אין אָט דעם גייסט פון מענטשן־פריינדשאַפט איז יוסף
עפּשטיין דערצויגן געוואָרן, אין גייסט פון מענטשן־פאַרברי־
דערונג. ער איז גרייט געווען צו קעמפן און אַוועקצוגעבן
דאָס טייערסטע — זיין לעבן. ער איז געבוירן געוואָרן דעם
16־טן אָקטאָבער 1911 אין אַ מיוחסדיקער גביריש־ליבעראַ־
לער משפחה. ווען מען האָט ביי אונז אין שטאָט אָנגערופן
די פאַמיליע עפּשטיין, האָט מען געמיינט די דריי ברידער.
דער עלטסטער איז געווען אַן אייגנטימער און דירעקטאָר
פון אַ ציגל־פאַבריק. דאָס איז געווען יוספס פאָטער. אַ צוויי־

טער ברודער איז געווען אַן אייגנטימער פון אַן אַפּטייק. דער דריטער ברודער איז אין מיין צייט געווען דער יורידישער פּאַרטרויאונגס־מאַן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מאַגיסטראַט. אין קעגנזאַץ צו אַ סך אַנדערע שטעט אין פּוילן, זענען יידן אין זאַמאָשטש מיט ליבעראַלע פּראָפעסיעס, אָדער די, וואָס האָבן געהערט צו אַ העכערן סאָציאַלן שיכט, געווען פאַרבונדן מיטן אַלגעמיינעם יידישן רעליגיעזן און קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. ס׳האָט זיך פאַרווירקלעכט אין לעבן די פאָרויסזעאונג פון י. ל. פרץ, וואָס ער האָט פאַרצייכנט אין זיינע זכרונות: „די השכלה, אַז זי וועט זיך באַווייזן אין זאַמאָשטש, וועט זי ביי אונז נישט זיין קיין אַסימילאַטאָרישע״. די סיבה פון דעם איז נישט קיין שום מיסטישע. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען אין צענטער פון דער שיינער שטאָט. אַלע יאָרן, ביזן גרויסן אומקום, האָט זי געהאַט אַ נומערישע איבערגעוויכט לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין שטאָט. אויב מיר וועלן אונזער שטאָט פאַרגלייכן מיט אַנדערע שטעט אין פּוילן, למשל וואַרשע, די גרעסטע יידישע קהילה מיט 365.000 נפשות, איז זי אין פּראָצענטער געווען צו דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג 29,4 פּראָצענט. אין לאָדזש, די גרעסטע אינדוסטריע־און האַנדלסשטאָט, מיט 220 טויזנט יידן, איז לויט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג געווען העכער 34 פּראָצענט. לובלין, לויט דער ציילונג פון 1931, האָט פאַרמאָגט 38,971 יידן, דאָס האָט אויסגעמאַכט 34,7 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אין 1900 האָט די יידישע באַפעלקערונג אין לובלין געציילט 24.280, אָבער דעמאָלט האָט זי געבילדעט 51 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. פון יידישן נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט איז זי דעמאָלט געווען שטאַרקער ווי אין 1931, טראָץ דעם, וואָס זי האָט געציילט 38.971 יידן.

אַז די זאַמאָשטשער יידישע סביבה האָט זיך אויסגע־ווירקט אויף יוסף עפּשטיין, זאָגט עדות זיין פרוי. זי האָט מיר דערציילט, אַז איר איז ביז דער מלחמה קיין מאָל נישט אויסגעקומען צו באַזוכן די שטאָט, און דאָך האָט זי געהאַט דעם איינדרוק, אַז זי קען די שטאָט, זי קען אַלע פּערזענ־לעכקייטן, די פּרץ־משפּחה און גאָר באַזונדערס זיין צייט־חבר יולעק פּרץ, דער געניאַלער מאַטעמאַטיקער (אומגעקו־מען אין געטאָ), די גאָלדשטיינס, (די משפּחה פון פּרצעס שוועסטער.) די לעווינס, די משפּחה יידישע אינטעליגענץ, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פון סאָציאַליסטישן געדאַנק אין שטאָט; דעם יוגנט־חבר פון פּרצן, דעם באַגייסטערטן אָנהענגער און קענער פון דער עספּעראַנטאָ־שפּראַך, דער באַוווסטער פאָלקס־דאָקטאָר, געליבטער. ער האָט אויף דער שפּראַך אָנגעשריבן אַן אַרבעט וועגן אָפּשאַפן טויט־שטראָף. ער האָט געהאַלטן, אַז דער וועג, וואָס פירט צו די הערצער פון די מענטשן און צו אַן אייביקן שלום אויף דער וועלט, איז עס עספּעראַנטאָ. יאָרן לאַנג איז ער געווען דער פּאָרזי־צער פון דער קהילה; אַ גרויסער אָנהענגער פון דער ציוניס־טישער וויזיע. ווען עס גרינדעט זיך דער קרן־היסוד, שרייבט ער אָפּ זיין גאַנץ פאַרמעגן פאַרן בנין הארץ. יאָר־יערלעך פאָרט ער קיין וואַרשע מיט זיין בוכאַלטעריע, צום קרן־היסוד, מען זאָל קאָנטראָלירן זיין מעשר. דאָס אַלץ — לויטן דערציילן פון איר מאַן יוסף עפּשטיין. ביי יעדן צוזאַמענטרעף מיט זיין שול־חברטע דר. וואַליקאָוואַ (פוקס), האָט מען בלויז גערעדט וועגן זאַמאָשטש.

בעת אַ צוזאַמענטרעף מיט מיינע לאַנדסלייט אין מאָס־קווע, אין יאָר 1933, פרעגט מיר אַ חברס אַ פרוי, אַן אָפּ־שטאַמיקע פון אוקראַינע: „איז ביי אייך אין פוילן זאַ־מאָשטש די הויפּט־שטאָט? מיר האָבן אַלע געוווסט, אַז

ווארשע איז די הויפּט־שטאָט. און ביי אייך אַלע איז — ווי זאַמאָשטש וואָלט געווען די וויכטיקסטע שטאָט אין פּוילן״... אָבער פאַר אונז האָט די שטאָט פיל מער גע־לויכטן, ווי ווארשע און מאָסקווע. שוין מיט 110 יאָר צוריק האָט דער זאַמאָשטשער בן־עיר, אַלעקסאַנדער צעדערבוים, דער באַרימטער אַרויסגעבער פון דער ערשטער צייטונג אין יידיש, דעם „קול מבשר״, דער זיידע פון דעם גרויסן דענ־קער און טעאָרעטיקער פון דער רוסישער סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע מאַרטאָוו, נאָך 30 יאָר זיין אָפּוועזנד פון זיין געבוירן־שטאָט, געשריבן: „אַז מ׳קומט אומגעריכט אין אַ שטעטל ווי זאַמאָשטש, וואָס ליגט ווי אין מיטן פון אַ גרויסן מדבר, שיינט עס די ווי אַן אָאַזיס אין דער וויס־טע. אין גרעסערע שטעט געפינט מען זעלטן אַזאַ גרויסן בית מדרש מיט אַזאַ הערלעכער ביבליאָטעק. עס געפינען זיך דאָרט ספרים פון אַלע צווייגן פון יידישן דורותדיקן שאַפן, צווישן זיי — פיל זאַמאָשטשער מחברים. נאָכן באַ־זוכן קראָסניסטאָוו, לובלין, ווארשע, האָב איך זיך איבער־צייגט, אַז זאַמאָשטש שטייט העכער פון אַלע אַנדערע גע־מיינדעס אין פּוילן״.

דער פאָטער פון יוסף עפּשטיין האָט געטראָגן גרויסע פּוילישע וואָנסעס. ער האָט פולשטענדיק באַהערשט די פּוי־לישע שפּראַך. ער איז עקאָנאָמיש געווען פאַרבונדן און אַריינגעוואַקסן אין דער פּוילישער סביבה, אָבער גייסטיק און משפּחהדיק איז ער געווען געקניפּט און געבונדן מיט דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און מיט אירע פּראָבלע־מען. לאַנגע יאָרן איז ער געווען אַ דאָזאָר אין דער קהילה. ער האָט פיל געהאָלפן די אָרעמע באַפעלקערונג פון דער „ניי־שטאָט״. ווען ער פלעגט זיך באַווייזן אויף דער הרוביעשווי־ווער גאַס, מיט זיין אויסזען פון אַ פּריץ, און ווען מ׳האָט אים געזען אַריינגיין צום רב, האָבן יידן דערשראָקן גע־

טראַכט: ווער ווייסט וואָס פאַראַ גזירות דער „פריץ" ברענגט מיט זיך... די ניי־שטאָטישע חברה־קדישא פלעגט יעדעס יאָר אָפּצייכענען די פּטירה פון זיין זיידן, משהלע עפּשטיין, וועלכער איז געווען רב אין ניי־שטעטל; און זיין חכמה און גאונות האָט אים שוין ביי זיין לעבן פאַרוואַנדלט אין אַ שטיק לעגענדע. ער איז אויך ברייט באַקאַנט געווען אין די רבנישע קרייזן אין פּוילן. אין זיין ספר „בית משה" וועגן הלכות פּריה ורביה ואישות, ברענגט ער אין דער פאָרעדע קורצע ביאָ־גראַפישע שטריכן: געבוירן אין 1820, אין לענטשנע. אין זיין פאָטערס הויז האָט ער זיך געלאָזן שווימען אין גרויסן ים התלמוד מיט זיינע מפרשים. בלייבנדיק אַ יתום, האָט ער טראָץ אַלע שוועריקייטן, ווייטער געלערנט, זיך פאַרטיפט. צו 17 יאָר האָט ער חתונה געהאַט קיין זאַמאָשטש. ביי זיין שווער איז ער געווען פריי פון עול פּרנסה, האָט זיך אָפּגעגעבן אינגאַנצן אין לערנען און מחדש געווען. דעמאָלט איז ער קראַנק געוואָרן אויף די אויגן און איז אַנדערטהאַלבן יאָר געווען פולשטענדיק בלינד, אָבער ער האָט געלערנט פון אויסנ־ווייניק, ס'זאָל נישט זיין קיין ביטול תורה. 37 יאָר איז ער אַלט געווען, ווען מ'האָט אָפּגעדרוקט זיין ערשטן ספר. אָבער עס זענען פאַרבליבן נאָך אים פיל כתבים און אויך אַ ספר פון זיינע דרשות. דער ביבליאָגראַף יעקב מאַנדלבוים, וואָס האָט אָנגעגעבן וועגן 77 זאַמאָשטשער מחברים, גיט אונז נישט אָן וועגן נאָך ספרים, וואָס זאָלן האָבן געדרוקט געוואָרן פון הרב הגאון משה עפּשטיין.

## אינטעלעקטועלע, רעוואָלוציאָנערע השפּעות

דער קורצער פּעריאָד פון פּויליש־יידישער ברודערשאַפט, אין די אויפשטאַנד־יאָרן 1861־63, אין דער לאַנגער געשיכ־

טע פון יידן אין פוילן, האָט געהאַט אַ טיפע השפעה אויף יידן אין זאַמאָשטש. זיי זענען טאַקע געווען טיף אַנגעזאַפּט מיט טראַדיציאָנעלער יידישקייט, אָבער אַ באַדייטנדע צאָל יידן האָט אַקטיוו אָנטייל גענומען אין דער שטאָטישער מי־ליץ אין פּעריאָד פון דער פוילישער „פּאָווסטאַניע". באַזונ־דערס איז די ברידערשאַפט געקומען צום אויסדרוק באָכן דערשטיקן דעם אויפשטאַנד, ווען זאַמאָשטש איז פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך די רוסן אין אַ טורמע פאַר די אויפשטענדלער. די יידישע באַפעלקערונג האָט צוגעטיילט הילף די אַרעס־טירטע.

שוין אין די 90־ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט האָבן זיך באַוויזן אין זאַמאָשטש סאָציאַליסטישע גרופּן. אויף דער ערשטער גרויסער דעמאָנסטראַציע אין רעוואָלוציאָנערן פּע־ריאָד פון 1905, זענען צווישן די אַקטיווע טוער און אָרגאַני־זאַטאָרן געווען פּרצ׳עס שוועסטערס אַ זון, גאָלדשטיין, עפּש־טיין, אשכנזי, מיכטשע לעווין, געליבטער, שפּעטערדיקער אָנ־פירער פון אַרבעטער־רינג אין אַמעריקע, מאַרגולעס, אַן אָפּ־שטאַמיקער פון יענער באַרימטער משפחה, וואָס האָט אָנטייל־גענומען אין פּוילישן אויפשטאַנד אין 1963. אין 1918 געפינט מען אַ טייל פון אָט די טוער ביים אָנפירן מיטן רויטן אויפ־שטאַנד אין זאַמאָשטש. זיי זענען דערנאָך אַוועק אויף עמי־גראַציע אין לאַנד פון דער „זיגרייכער רעוואָלוציע", אין ראַטנפאַרבאַנד. דאָרט האָבן זיי זיך אַריינגעוואָרפן מיט האַרץ און נשמה אין פּאָליטישן לעבן, אין אַלע געביטן פון דער ראַטן־בויאונג פון לאַנד. דאָס אַלץ האָט זיך דערנאָך נישט ווייניק אויסגעווירקט אויף דער אונטערוואקסנדיקער יוגנט אין זאַמאָשטש.

יוסף עפּשטיין האָט זיך אין יענע יאָרן זייער איבערגע־נומען און געגרויסט מיט זיין שוועסטער־זון גאָלדשטיין, וועל־כער איז געווען צווישן די, וואָס האָבן פּראָקלאַמירט די רע־

וואָלוציע אין 1919 אין זאַמאָשטש און איז דערנאָך אַוועק קיין רוסלאַנד „בויען דעם סאָציאַליזם". ער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג צו גיין אין זיינע פּאָליטישע וועגן. (ווער וואָלט זיך אין יענע יאָרן געקענט פאָרשטעלן, אַז די סטאַליניסטישע האַק שאַרפט זיך קעגן דעם אַלטן רעוואָלוציאָנערן טוער גאָלדשטיין, און אַז ער וועט זיין פון די ערשטע קרבנות).

## אין אומאָפּהענגיקן פוילן

די פוילישע זעלבשטענדיקייט איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1918, אויף די טעריטאָריעס און נאָכן פאַנאַנדערפאַל פון די מאָנאַרכישע רעזשימען אין דייטשלאַנד, עסטרייך און רוסלאַנד. אָנשטאָט צו לייזן דאָס אַמערסטן אָנגעווייטיקסטע פּראָבלעם פאַרן לאַנד, דורכפירן אַן אַגראַר־רעפאָרם, צעטיילן די גרויסע פריצישע ערד־שטחים פאַר די אָרעמע פויערים, האָבן די נייע פוילישע הערשער איבערגענומען די פינצטערע ירושה פון רוסישן צאַריזם, ווי אויך אין באַצוג צו די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן — ליטווינער, אוקראַינער, ווייסרוסן; אָבער באַזונדער בייזווייליק און בולט אַנטיסעמיטיש האָט זיך די מלוכה באַצויגן צו די יידן. די אומאָפּהענגיקייט פון פוילן האָט זיך אָנגעהויבן מיט פּאָגראָמען, מיט אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, אַז יידן זענען באָלשעוויקעס, שווינדלער. פאַר יידן איז נישט צוגעטיילט געוואָרן קיין שום רעכט אויף אַרבעט אין דער מלוכה־אַדמיניסטראַציע, באַן־וועזן, פּאָסט, שול־וועזן. אַ פערמאַנענטער אָנגריף אויף דער סאָציאַלער פונקציע פון יידן זייט הונדערטער יאָרן אויפן געביט פון פאַרבינדונג צווישן שטאָט און דאָרף, קליינהאַנדל און האַנטווערקעריי.

די אידעאַלן פון די פּוילישע רעוואָלוציאָנערן לודוויק וואַרינסקי, אַדאַם מיצקעוויטש, פעליקס קאָהן, ראָזאַ לוקסעמבורג וועגן פעלקער־פאַרברידערונג, זענען אויסגעלאַכט געוואָרן. דער פאַרסמטער גייסט פון דמוואָסקי, אַ פאָרשטייער פון דער ציניש־רעאַקציאָנערער פּויליש־פּריצישער בורזשואַזיע, וועלכע האָט אַליין ערשט נישט לאַנג מיטגעאַרבעט מיט די פינצטערע כוחות פון רוסישן צאַריזם — דאָס האָט באַהערשט דאָס לאַנד, פון דער מאָראַטשעווסקי־רעגירונג, ביז דאַשינסקי, וויטאָס, גראַבסקי, ביז צו די פּולקאָווניקעס פון דער פּילסודסקי־סאַנאַציע.

אָט די אַנטיסעמיטישע און אַנטי־יידן־פּאָליטיק, נאָר אונטער אַנדערע עטיקעטן — „קעגן אימפּעריאַליזם... ציוניזם, ישראל”, איז אויך באַנייט געוואָרן ביי די היינטיקע קאָמוניסטישע מושלים: גאָמולקאַ, מאָטשאַר, גיערעק א. אַנד. נאָכן אויסמאָרדן און בעסטיאַליש פאַרניכטן דאָס פּוילישע יידנטום, האָבן זיי נאָך די קליינע רעשטלעך איבערגעבליבענע יידישע קאָמוניסטישע טוער אַרויסגעיאָגט פון לאַנד, באַשולדיקט זיי אַלס „5־טע קאָלאָנע”. צווישן זיי איז אויך געווען — דער קאַמפּס־חבר, שוואָגער און שוועסטער פון יוסף עפּשטיין.

היינט גרויסט מען זיך מיט דער ריינער פּוילישער עטנישקייט פון פאָלק, אַז 95 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג זענען פּאָליאַקן. עדוואַרד גיערעק נעמט דאָס אויפן חשבון פון די דערגרייכונגען פון היינטיקן קאָמוניסטישן רעזשים. מען וויל בכיוון פאַרגעסן, אַז דאָס איז אַ רעזולטאַט פון דער פאַרניכטונג פון מיליאָנען פּוילישע יידן דורך די נאַציס, מיט דער אַקטיווער מיטהילף פון די פּויליש־רעאַקציאָנערע, פאַשיסטישע כוחות. די טרויעריקע טעאָריע פון די כאַדעקעס און ענדעקעס: פּוילן אָן יידן, איז, ליידער, פאַרווירקלעכט געוואָרן.

ביז דער מלחמה האָט די יידישע אַרבעטער־יוגנט און אַ טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ געפילט אויף זייערע אייגענע פלייצעס אָט די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אונטער־דריקונג. די אומזיכערקייט, די פּערספּעקטיוולאָזיקייט, האָט אַ סך מיטגעווירקט אַז גרויסע טיילן פון דער יידישער יוגנט זאָל זיך אָנשליסן אין רעוואָלוציאָנערן אַוואַנגאַרד, אין קאַמף קעגן דער רעאַקציאָנערער, אַנטיסעמיטיש־בורזשואַזער פּאָ־ליטיק. די רעוואָלוציאָנערע כוחות צווישן דער יידישער יוגנט זענען אויך געווען אַ רעזערוואַר אין אַלע עמיגראַ־ציעס, ווו זיי זענען פאַרוואָרפן געוואָרן. די מערהייט פון אָט די יונגע מענטשן זענען אַוועק פון פּוילן אומלעגאַל, גע־שוואַרצט גרענעצן, געלאָפן אין דער וועלט אַריין אומלעגאַל.

אָנהויבנדיק פון פּעריאָד פון דער שפּאַלטונג פון בונד, אין די יאָרן פון 22־1921, איז די גאַנצע פּראָפעסיאָנעלע באַ־וועגונג אין זאַמאָשטש אָנגעפירט געוואָרן דורך דער אומלע־גאַלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די שטראַלן פון רעוואָלו־ציאָנערן אויפשטייג אין מזרח, אין ראַטנפאַרבאַנד, האָבן דער־מוטיקט און געוואַרעמט די הערצער, מיט דער וויזיע פון אַ נאָענטער גאולה. דאָס האָט זיי געגעבן מוט און גלויבן אין שווערן קאַמף, טראָץ אַלע פאַרפאָלגונגען און טעראָר. אין יאָר 1925, ביי די שטאָט־ראַט־וואַלן, האָט די ליסטע פון די קלאַסן־פאַריינען באַקומען קנאַפּע 25 פּראָצענט שטימען. אין קעגנזאַץ צו אַלע אַנדערע שטעט אין פּוילן, ווו דער קאַמף קעגן בונד, גאָר באַזונדערס קעגן די פּ. פּ. ס. איז דערגאַנ־גען ביז בלוטיקע געשלעגן, איז אין זאַמאָשטש, לויט אַן נישט אונטערגעשריבענעם אָפּמאַך — די צוזאַמענאַרבעט גע־ווען אַ לאָיאַלע. אַ סך האָט אויף דעם אויסגעווירקט, וואָס דער קאָמוניסט דוד פידלער, אַ געוועזענער לינקער פּ.פּ.סי־שער טוער, וועלכער האָט מיט אַ סך פעאיקייטן אָנגעפירט מיטן פּ.פּסישן קאָאָפּעראַטיוו. די אָנפירונג ביים בונד, בראַנד־

וויין, באַזונדערס דער פּ.פּ.ס. טאַשעק אַלבערט, אַדוואָקאַט שוויענטיקאָווסקי, סאַנדליק, קאָזאָניעצקי, די אַלע האָבן אַרויס־געוויזן אַ טיפע ברידערלעכע פאַרשטענדעניש פאַר די אַל־געמיינע אַרבעטער־אינטערעסן. אין דער טראַגישער צייט בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, איז טאַשעק אַלבערט דערשאָסן גע־וואָרן ביים אַריינפירן ברויט אין לאָדזשער געטאָ. דער אַד־וואָקאַט שוויענטיקאָווסקי האָט אויסבאַהאַלטן די שוועסטער פון יוסף עפּשטיין, נאָך איר אַנטלויפן פון וואַרשעווער געטאָ.

דער קאָמוניסט פּידלער איז דערנאָך געווען דער פאַרזי־צער פון דער לינקער פראַקציע אין שטאָט־ראַט. (זיין שפּע־טערדיקער גורל: אַרעסטירט געוואָרן אין 1937 אין מאָסקווע, געטיילט דעם גורל פון די טויזנטער פּאָליט. עמיגרירטע אין ראַטנפאַרבאַנד). די האַרמאָניע און צוזאַמענאַרבעט איז געקו־מען צום אויסדרוק סיי אין שטאָט־ראַט, סיי אויף די פּאָלי־טישע דעמאָנסטראַציעס, דעם 1־טן מאַי. גאָר באַזונדערס — בעת דער גרויסער קאַמפּאַניע צו מאָביליזירן די פּויערים קעגן פּרווו פון דער רעגירונג צו פאַרשמעלערן די רעכט, וואָס איז זיי נאָך צוגעטיילט געוואָרן אין 1860; די רעכט פון די „סערוויטוטן", דאָס הייסט, זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט צו שניידן פאַר זיך צווייגן־אָפּפאַל אין די פּריצישע און מלוכהשע וועלדער. צוגעגרייט די גרויסע מאַסן־אַקציע אין 1925 האָט דער קאָמוניסטישער דעפּוטאַט פון זאַמאָשטשער וואַל־באַ־צירק, חבר סקריפּאַ. ער איז געוויילט געוואָרן אויף דער ליס־טע פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן פון דער אוקראַיִנישער פּויערים־פּאַרטיי „סעל־ראָב". (אויך זיין גורל איז געווען אַ פינצטערער. אין 1937 איז ער דערשאָסן געוואָרן אין מאָסק־ווע, באַשולדיקט אין אוקראַיִנישן נאַציאָנאַליזם).

## דער יונגער קאָמוניסט יוסף עפּשטיין

אַזאַ פּאָליטיש־געשפּאַנטע אַטמאָספער האָט זיך אויך אויס־געווירקט אויף דעם פּראָפּאָרציאָנעל קליינעם טייל ייִדישע שי־לער אין דער פּוילישער גימנאַזיע. אָנהייב 1926 האָט זיך איינגעשטעלט אַ קאָמוניסטישע פֿאַרבינדונג מיט אַ גרופּע סטודענטן, צווישן וועלכע ס'האָט זיך אויך געפונען דער יונגער יוזעק, אָדער יוסף עפּשטיין. נאָך דער פּילסודסקי־אי־בערקערעניש אין יאָר 1926, זענען פאָרגעקומען אַרעסטן פון פיל אָנפירנדיקע טוער. בעת דער איבערגרופּירונג פון דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער אָנפירערשאַפט אין שטאָט, איז שוין יוזעק אַ פאַרשטייער פון דער שול־יוגנט. אין 1928 גע־הערט ער צו דער פאַרטיי־קאָמיסיע, וואָס פירט אַדורך די וואַל־קאַמפּאַניע צו די סיים־וואַלן, אין דריי וואַל־באַצירקן, אונטער פאַרשיידענע נעמען, מיט דרייערלײ וואַל־ליסטעס. ער ווייזט דערביי אַרויס צוויי גרויסע מעלות: אָרגאַניזאַציאָנע־לע פעאיקייט און דורכפירן קאָנספּיראַטיווע טעטיקייטן קאַלט־בלוטיק, מיט אַזאַ אָריענטאַציע, אַז ער ציט נישט אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט פון פרעמדע, נישט געוווּנטשענע אויגן.

נאָך די סיים־וואַלן, זענען אין שטאָט פאָרגעקומען אַ ריי אַרעסטן. מיט אַ סך ווייטיק און זאָרג האָט די פאַרטיי־אָרגאַ־ניזאַציע אויפגענומען דעם פאַקט, אַז אַ פּוילישער חבר, מישטשוק, פּסעוודאָנים שטשערבאַקן, האָט זיך געבראָכן ביי דער אויספאָרשונג. און נאָך עפּעס שרעקלעכערס — ער האָט אָנגעהויבן אָפן מיטאַרבעטן מיט דער דעפענסיווע (פּוי־לישע געהיים־פּאָליציי). עס איז געווען דער ערשטער מאָראַ־לישער קלאַפּ, אויף וועלכן מען האָט זיך אַמווייניקסטן גע־

ריכט. פון דער פראָפּאָרציאָנעל קליינער גרופּע פּוילישע חברים פון דער פּאַרטיי, איז ער געווען דער סאַמע ערשטער, וואָס איז געקומען אין דער פּאַרטיי אין 1924. ער האָט געאַרבעט אַלס טישלער צוזאַמען מיט אַן אַנדער אָנפירנדיקן יוגנט־טוער, נחמיה עלטסטער, וועלכער האָט אים דערצויגן פּאָליטיש און צו זיין קרבנות־גרייט. ער האָט געפירט פּאַרטיי־שמועסן מיט די פּויערים, ווען זיי האָבן געאַרבעט ביי זייער בוי אין די דערפער אַרום זאַמאָשטש. דורך מישטשוקן האָט די פּאַרטיי אויסגעברייטערט איר איינפלוס צווישן דער פּוילישער אָרעמ־קייט. ער איז געווען צווישן דער באַוועגונג פון די פּאָלקס־קירכעס, וואָס איז דורך דער אָפיצעלער קאַטוילישער קירכע נישט אָנערקענט און פאַרפאָלגט געוואָרן. לויט זיין איניציאַ־טיוו, האָט מען געשאַפן אַן אָפּטיילונג, אַ סעקציע פון פּוילישע אַרבעטער, וואָס האָבן אויסגעפירט עפנטלעכע אַרבעטן ביים שטאָט־ראַט. אָפיציעל איז די סעקציע געשטאַנען אונטערן דעק־מאַנטל פון די פּ. פּ. ס. אָבער פּאַקטיש האָט די פּאַרטיי דער־מיט אָנגעפירט.

אַזאַ אומגעריכטן קלאַפּ האָט די פּאַרטיי דעמאָלט באַקו־מען. באַלד נאָכדעם זענען אַ ריי טוער אַרעסטירט געוואָרן. אַ טייל האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן אין אַנדערע שטעט.

אויף מיין פּראָצעס אין וואַרשע, אין יוני 1929, אין צוזאַ־מענהאַנג מיט מיין באַזאָרגן וואַל־ליטעראַטור פאַרן זאַמאָש־טשער ראַיאָן — כאָטש פּאָרמעל זענען די וואַל־ליסטעס געווען לעגאַליזירט — האָט שוין פיגורירט אַלס עדות פון דער באַשילדיקונג דער פּאַרעטער מישטשוק. הינטער די אויגן בין איך דעמאָלט פאַרמשפּט געוואָרן אויף 5 יאָר תפיסה, און אויב איך וועל זיך נישט צושטעלן — פאַרליר איך די פּוי־לישע בירגערשאַפט.

די פּאַרטיי האָט טייל חברים געהאָלפן אַריבערצוכאַפּן זיך קיין ראַטנפאַרבאַנד. צווישן זיי זענען געווען: איציק אויצער,

פאָרזיצער פון האַלץ־פאַריין, יאנקל מיטלפונקט, סעקרעטאַר פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, חיימעק הערצבערג און נאָך אַנדערע. זיי האָבן אָבער מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אין 1937, געטיילט דעם גורל פון אַלע פּאָליט. עמיגראַנטן, אומגעקומען אין די שקלאַפן־לאַגערן.

צום גליק, איז דער יונגער יוזעק עפּשטיין דעמאָלט נישט אַרעסטירט געוואָרן. ער איז ביי דער פּאָליציי נישט געווען קאָמפּראָמיטירט. אין אָט דעם דעפּרעסיע־פּעריאָד פאַר דער פּאַרטיי, אין 1929, איז ער געוואָרן דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי פאַר דער שטאָט און פון ראַיאָן. אין זעלבן יאָר איז ער אַוועק קיין וואַרשע און איז אָנגעקומען אויפן יורידישן פאַקולטעט.

קיין וואַרשע איז יוסף עפּשטיין געפאָרן פון צייט צו צייט, אָבער אין די קורצע פּעריאָדן, צו באַזוכן דעם אוניווערזיטעט, איז ער געווען פאַרבונדן מיט די רעוואָלוציאָנערע סטודענטן. בעת אַ צוזאַמענשטויס מיט די אַנטי־סעמיטיש־פאַשיסטישע סטודענטן אויפן וואַרשעווער אוניווערזיטעט, איז ער אַרעסטירט געוואָרן. אָבער אויפן פּראָצעס איז אים געלונגען זיך אַרויסצודרייען. ער האָט זיך אומגעקערט קיין זאַמאָשטש און מיטגעהאָלפן צוריק צו צעמענטירן די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. אין שטאָט און אין ראַיאָן האָט זיך געשטאַרקט דער איינפלוס אויף דער שול־יוגנט, באַזונדערס צווישן דער יידישער שול־יוגנט. צווישן זיי זענען געווען צוויי יידישע יינגלעך, שאַפּי־ראָ און משה אַראָנאָוויטש. שאַפּיראָ איז דערנאָך געווען דער העראָישער קעמפער אין די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס אין שפּאַניע.

לויט די פּאָליטישע געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין אַזאַ ראַיאָן־שטאָט, ווי זאַמאָשטש, איז וויכטיק אונטערצו־שטרייכן אויף ווי ווייט יוסף עפּשטיין האָט מיטגעהאָלפן פעס־

טיקן די פּאַרטיי, טראָץ דעם פֿאַרשאַרפֿטן טעראָר און פּראָוואָ־קאַציעס.

אין 1928 האָט די סאַנאַציע־רעגירונג פֿאַרעפֿנטלעכט אַ געזעץ, וואָס לויט אים האָט מען באַדאַרפֿט יעדעס יאָר פֿאַרטיילן 200 טויזנט העקטאַר ערד צווישן די פּויערים, אָבער — לויט אַ גוטווייליקן אָפּמאַך מיט די פּריצים און אונטער דער השגחה פֿון דער מלוכה. אַ יאָר שפּעטער איז אין זאַמאָשטש פֿאַרגעקומען אַ שטורמישע פּויערים־קאָנפֿערענץ פֿון 100 דעלעגאַטן וועגן פֿאַראייניקן די נחלאות. ביי אַ סך פּויערים איז דאָס שטיקל ערד געווען אַזוי צעברעקלט, אויף איין אָרט אַ האַלבער העקטאַר, אויף אַ צווייטן נאָך אַ העקטאַר, אינמיטן, צווישן די פּריצישע מאַיאָנטקעס. די קאָנפֿערענץ איז דווקא געדופֿן געוואָרן פֿון דער רעכטער פּויערים־פּאַרטיי, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון וויטאָסן.

עס איז געפֿאַלן אַ פֿאָרשלאָג מען זאָל שיקן אַ דעלעגאַציע קיין ראַטנפֿאַרבאַנד, צו באַקענען זיך ווי די ערד איז דאָרט פֿאַרטיילט געוואָרן צווישן די פּויערים. אָבער דאָס פּרעזידיום האָט אַזוי מאַנעווורירט און נישט געוואָלט דערלאָזן מען זאָל בכלל אָוועקשטעלן אַזאַ פֿראַגע. עס איז אַנטשטאַנען אַ טומל, נישט איינצושטילן. דאָס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער אויפֿברויז פֿון די פֿאַראָרעמטע דערפֿער קעגן די אַלץ וואַקסנדיקע שטייערן. גאָר באַזונדערס — אין די אוקראַינישע דערפֿער, ווו די באַציאונגען מיט דער מאַכט זענען געווען זייער געשפּאַנטע.

די 520 טויזנט אוקראַינער, וואָס האָבן געלעבט אין דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפֿט, זענען געווען צעטיילט אין דריי פֿאָוויאַטן: כעלמער, זאַמאָשטשער און ראָהבישויוער. שוין ביי די וואַלן צום סיים אין 1922 איז אין זאַמאָשטשער פֿאָוויאַט אויסגעוויילט געוואָרן דער לינקער אוקראַינישער לערער סקריפּאַ. ער האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אין דער

קאָמוניסטישע פּראַקציע. אַלס ענטפער דערויף, זענען גע־שיקט געוואָרן אין די דערפער ספּעציעלע פּאָליציי־שטראָף־אָפּטיילונגען פון דער באַנדיטן־שולע פון גאָלענדזשינאָוו. זיי האָבן עס דורכגעפירט די טרויעריק־באַרימטע פּאַציפיקאַ־ציע. נאָכן בלוטיקן שטיקל אַרבעט, האָבן זיי פּאַראַדירט אין זאַמאָשטש פאַרן אינערן־מיניסטער סלאַוואַ סקלאַדקאָווסקי, וואָס האָט ספּעציעל זיך מטירח געווען צו קומען פון וואַרשע.

די יידישע באַפעלקערונג, פון אַלע שיכטן, האָט געקוקט מיט סימפּאַטיע אויפן גערעכטן קאַמף פון די פויערים. די גאַנצע יידישע עקאָנאָמיק איז געווען אויך אָפּהענגיק פונעם וווילשטאַנד פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג. זיי זענען גע־ווען די אָפּנעמער פון די פּראָדוקטן פון יידישן האַנטווערקער און פון קליינהענדלער. זיי זענען געווען די צושטעלער פון רוי־שטאָפן און פּראָדוקטן פאַרן האַנדל. די פויערים זענען נאָך נישט געווען אַזוי פאַרסמט מיטן אַנטיסעמיטיזם, ווי דאָס שטאָטישע בירגערטום און באַאַמטנטום. די לאָזונג „סוואָי דאָ סוועגאָ״ (דער אייגענער צום אייגענעם) האָט זיי נישט פּאַר־כאַפּט, ווייל דער יידישער הענדלער און באלמעלאָכע, כאָטש ער האָט נישט באַקומען קיין מלוכה־קרעדיטן, און די שטייער־שרויף איז געווען אויף זיי שטאַרק, זענען זיי דאָך גע־ווען מער קאָנקורענץ־פעאיק, אפילו קעגנאיבער די פוילישע סוחרים און זייערע קאָאָפּעראַטיוון. אוודאי איז דאָס געגאַנגען אויפן חשבון פון נידעריקן לעבנס־ניוואָ פון דער ווייט־גרעס־טער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

## די טעטיקייט פון יונגן יוסף עפּשטיין אין דער עמיגראַציע

אין אויגוסט 1931 איז יוסף עפּשטיין אַרעסטירט געוואָרן. נאָך דער שווערער אויספאָרשונג, האָט מען אים איינגעזעצט

אין תפיסה. זיין פאַרמעגלעכער פאָטער האָט געהאַט גרויסע באַקאַנטשאַפטן, און דורכן פּראָקוראָר איז אים געלונגען אַרויס־צונעמען דעם זון פאַר אַ גרויסער „קויציע“, ביזן פּראָצעס. יוסף איז אָבער באַלד, אומלעגאַל, אַוועק קיין טשעכאָסלאָוואַקיע, כדי אָנצוקומען אין פּראַגער אוניווערזיטעט. די טשעכישע מאַכט האָט אים אָבער נישט געוואָלט געבן קיין פּאָליטישע אַזיל־רעכט. איז יוסף אַוועק קיין פראַנקרייך, און איז אָנגעקומען לערנען אויפן יורידישן פאַקולטעט אין דער שטאָט טור.

צווישן די סטודענטן ווערט ער גלייך אַ מיטגליד אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און גאָר אין קורצן — אַ מיטגליד אין פעדעראַלן קאָמיטעט. אין טור און אין דער אומגעגנט האָבן צו יענער צייט געלעבט אַ פּאָר טויזנט פּוילישע אַרבעטער, זיי האָבן געאַרבעט ביי אַגריקולטור און אין די כעמישע פאַבריקן. דאָרט אַנטוויקלט יוסף עפּשטיין אַן אינטענסיווע טעטיקייט. ער גיט יורידישע עצות די נייע עמיגראַנטן, שרייבט ווענדונגען, ביטעס. פאַרנעמט זיך מיט אַלע ענינים פון די פּויערים וואָס שייך די קאָנטראַקטן, וואָס זענען נאָך געשלאָסן געוואָרן אין פּוילן. עס האַנדלט זיך דער עיקר וועגן אַריבערברענגען זייערע איבערגעבליבענע משפּחה־לייט, פרויען, קינדער; אויך פּראָבלעמען מיט דער אָרטיקער פראַנצויזישער אַדמיניסטראַציע.

צו יענער צייט האָט דער פּוילישער קאָנסול צונויפגערופן אין טור אַ פאַרזאַמלונג פון די פּוילישע אימיגראַנטן־אַרבעטער. יוזעק טרעט דאָרט אַרויס מיט שאַרפער קריטיק, וואָס שייך דער שווערער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע אין פּוילן. ער דערמאָנט, אַז די אַרבעטסלאָזיקייט, די ערדלאָזע פּויערים צווינגט עס אָפּצורייסן זיך פון זייער היימלאַנד. ער שטורעמט קעגן דער רעאַקציאָנערער ביוראָקראַטיע פון פּוילישן קאָנסולאַט, מיט זיינע קאָנסולן, וואָס זאָרגן גאַנץ ווייניק וועגן די

פוילישע עמיגראַנטן. דער קאָנסול, אין זיין ענטפער, איז אַרויס מיטן באַקאַנטן נוסח וועגן דער „זשידאָ־קאָמונע". דאָס האָט אַרויסגערופן אַ טומל און אפילו אַ געשלעג. יוזעק איז אַרעסטירט געוואָרן. אויפן פּראָצעס האָט דער אַדוואָקאַט, וואָס די פּאַרטיי האָט צוגעשטעלט, באַוויזן די פּאָזיטיווע סאָציאַלע ראָל, וואָס יוזעק עפּשטיין פירט אויס צווישן דער מאַסע פּוילישע עמיגראַנטן. יוסף עפּשטיין איז בלויז באַשטראָפט געוואָרן מיט אַ געלט־שטראָף, פאַר שטערן די עפנטלעכע רו. ער האָט אָבער געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט טור.

טור האָט ער נישט פאַרלאָזט אַליין, נאָר צוזאַמען מיט זיין חברטע פּאָלאַ, די סטודענטין פון מעדיצינישן פאַקולטעט. זי האָט געלערנט פאַרמאַצעווטיק. זי האָט געשטאַמט פון לאָדזש. צוליב די באַגרענעצטע רעכט, וואָס יידישע יוגנטלעכע האָבן געהאַט ביים אָנקומען אין די העכערע בילדונג־אַנשטאַלטן, האָט זי עמיגרירט קיין פראַנקרייך, צו לערנען אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט אין דער שטאָט טור. שוין אין לאָדזש האָט זי אנטיילגענומען אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־באַוועגונג. איר פאַרבינדונג מיט יוזעקן איז דעריבער געווען אַ טאָפּלטע, אַ נשמהדיקע און אַ פּאָליטיש־אידעאָלאָגישע. זי איז געוואָרן זיין טרייע לעבנס־באַגלייטערין.

ליידער זענען די בשותפותדיקע ליבע יוגנט־יאָרן געווען אַזוי קורץ, מיט אַזויפיל שטרויכלונגען. זיי האָבן געפּרוווט איינאָרדענען זייער צוזאַמענלעבן אין פּאַריז. אָבער צוליב פינאַנציעלע שוועריקייטן, האָבן זיי עס נישט געקענט רעאַליזירן.

זיי פאָרן קיין באָרדאָ, ווו זיי זענען אָנגעקומען לערנען, ער אויפן יורידישן פאַקולטעט און זי — אויפן מעדיציניש־פאַרמאַצעווטישן. יוספס אינטענסיווע פּאָליטישע אַקטיוויטעט, זיין רעדנער־טאַלאַנט, רוקן אים גיך אַרויס אַלס מיטגליד אין פעדעראַלן קאָמיטעט. אין 1934 ווערט ער אויסגעוויילט אַלס מיטגליד אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער

יוגנט. ער אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט צווישן דער יוגנט, צווישן די סטודענטן, העלפט שאַפן דעם סטודענטן־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס ווערט אַ צענטער פאַר פּאָליטיש־קולטורע־לער טעטיקייט; גאָר באַזונדערס צווישן די יידישע סטודענטן, געקומענע פון פּוילן, רומעניע, אונגאַרן. פיל פון זיי זענען דערנאָך אַוועק קיין שפּאַניע, ווי קעמפער אין דער אינטער־נאַציאָנאַלער בריגאַדע, שפּעטער — אַקטיווע אָנטיילנעמער אין פראַנצויזישן ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס. לאָמיר אָנרופן עטלעכע נעמען: קאַשען, לאַוואַלעי, קאַלמאַנאָוויטש, קלאַד און זשעראַר באָוואַר (פראַנצויזן), יאַשקע קאַמעניעצקי, טאָלאַ פּיג־גערטייל, טשאַרני, גראַמב, זאַווידאָוויטש, גאָרנשטיין, וואָלי־קאָוו, קורישן און אַנדערע.

יוסף עפּשטיין האָט דערפאָלגרייך פאַרענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט, אָבער קיין אַרבעט צו פּראַקטיצירן ווי אַן אויס־לענדער, האָט ער נישט געקענט קריגן. ער טוט פאַרשיידענע אַרבעטן, כדי נישט צו זיין צוגעבונדן צו קיין אַרבעטס־פּלאַץ. אין דער זעלבער צייט מאַכט ער דורך אַן אינטענסיוון קורס וועגן דער באַוואָפענונג־אינדוסטריע פון מלחמה־מכשירים. אין באָרדאָ האָבן אין יענע יאָרן געלעבט עטלעכע צענדליק טויזנט שפּאַניער, און ווען ס׳איז אויסגעבראָכן אין שפּאַניע דער ביר־גער־קריג, זענען פיל שפּאַניער אַוועק אין זייער היימלאַנד קעמפן קעגן פראַנקאָ־פאַשיזם.

## עס ברעכט אויס דער שפּאַנישער בירגער־קריג

אין דער ערשטער גרופּע פון 9 פּוילישע בירגער, וואָס נעמען אָנטייל אין דער פאַרטיידיקונג פון אירון, געפינט זיך יוסף עפּשטיין, צוזאַמען מיט נאָך איין יידישן אַרבעטער, לעאָן בוים. ער ווערט פאַרוואונדעט און צוריקגעשיקט קיין באָרדאָ.

**לעאָן בוים איז געפאַלן אין קאַמף דעם 3־טן סעפּטעמבער 1936. דער סאָוויעטיש־יידישער פּאָעט איציק פעפער ווידמעט אַ ליד דעם העלדישן יידישן קעמפער:**

ער איז אַהין געקומען
פון רוישיקן פּאַריז,
ער האָט מיט זיך גענומען
דאָס רויטע האַרץ, דאָס פריש.

דעם אָטעם פון קאָמונע,
האָט ער מיט זיך געבראַכט.
די זון האָט אים געפונען
אַ טויטן נאָכן שלאַכט.

דער פויער אין קאַסטיליע
וועט זינגען אונזער ליד.
די רויטע פאָן פון פרילינג
וועט וויען אויף מאַדריד.

**מיט אַ יאָר שפּעטער, אין 1937 איז אָט דער יונגער אי־דעאַליסט, דער קרבן פון שפּאַנישן פאַשיזם, מיר ביטער קאַ־פּויער געקומען, מיט דער עקלדיקער, כוליגאַנישער שפּראַך דורך איינעם פון די סטאַליניסטישע הענקער בעת מיין אויס־פאָרשונג. ווי אַזוי איז עס געשען? לעאָן בוים איז געווען אַ יוגנט־חבר פון מיין פרוי אין לאָדזש. זיי האָבן עטלעכע יאָר אָנגעהאַלטן אַ שריפטלעכע פאַרבינדונג, ווען ער האָט געלעבט אין בעלגיע פון 1927 און פון 1933 אין פּאַריז, צום אַוועקפאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד, האָט ער איר מיטגעגעבן אַ פאָטאָ־אַפּאַ־ראַט. ער האָט איר אויך מיטגעגעבן דעם אַדרעס פון זיין מוטער, וואָס האָט געוווינט אין בערלין, און געבעטן זי,**

אַדורכפּאַרנדיק, אָפּצוגעבן אַ גרוס פון אים. מיר האָבן, צוליב פאַרזיכטיקייט, קיינמאָל נישט באַנוצט דעם פּאָטאָ־אַפּאַראַט. ביי דער שטרענגער רעוויזיע ביי מיר אין הויז, האָבן זיי דעם אַפּאַראַט געפונען און געריבן זיך די הענט צו האָבן געפונען אַזאַ וויכטיקן „אוצר", אַ בולטער באַווייז פון מיין שולד. צו־ליבן אַפּאַראַט פון לעאָן בוים האָב איך באַקומען נישט ווייניק געשלאָגן פון די ג. פּ. או.־לייט. נאָר דאָס איז דרך אגב.

יוסף עפּשטיין, נאָכן קומען צו די כוחות בעת זיין ווערן פאַרוואונדעט, האָט זיך באַלד געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון קאָמיטעט פאַר דער שפּאַנישער רעפּובליק. ער איז צוגע־טיילט געוואָרן צו דער צענטראַלער לאַנדס־ביוראָ. צווישן אַנ־דערע אויפגאַבן, האָט ער אויך באַדאַרפט איינקויפן געווער, שיפן, אַוויאָנען. ער האָט געהאַט דערציילט, אַז די קאַנאָנען־הענדלער האַלטן אים פאַר אַ נאַיוון מענטש, „נישט פון דער היינטיקער וועלט". זיי פלעגן אים שטופן געלט אַלס פאַר־מיטלער, אָבער ער האָט עס אָפּגעוואָרפן מיט עקל. ער פאָרט כסדר צווישן פּאַריז און באָרדאָ, אַרבעט צוזאַמען מיטן שפּאַ־נישן קאָנסול אין באָרדאָ, זשאָרזש דיוואַל.

ער פאַרנעמט זיך דער עיקר מיטן אַריבערוואַרפן צו דער שפּאַנישער גרענעץ די פרייוויליקע, וואָס האָבן גע־שטראָמט פון אַלע עקן אייראָפּע צו דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע. ער ווייזט דערביי אַרויס איבערמענטשלעכע גע־וואַגטקייט. ווי ס'האָט מיר איבערגעגעבן דער געוועזענער שפּאַ־נישער קאָנסול אין באָרדאָ, זשאָרזש דיוואַל, איז וויכטיק צו דערמאָנען צוויי פאַקטן:

זיי האָבן איינמאָל באַקומען אַ מיטטיילונג, אַז דער הויפּט־מעכאַניק פון אַ שיפל מיטן געווער־טראַנספּאָרט, איז אויפן וועג קראַנק געוואָרן און מען מוז אים אומבאַדינגט פאַרבייטן, ווייל עס דראָט אַ געפאַר, אַז דער געווער־טראַנספּאָרט מיט דער קליינער מאַנשאַפט, זאָל אומקומען. יוסף האָט גלייך געשאַפן

אַ צווייטן שיף־מעכאַניקער. אין אַ פינצטערער נאַכט, ביי שלעכט וועטער, זענען זיי אַרויסגעשווומען אין אָפֿענעם ים, ווייט פון די טעריטאָריאַלע וואַסערן, און בשלום אַדורכגע־פירט די אָפּעראַציע.

ענדע 1937, ווען די שפּאַנישע רעפּובליק האָט שוין גע־גוססט, האָט מען קודם אָנגעהויבן צו עוואַקוּאירן די קינדער. דעמאָלט האָט דער קאָנסול באַקומען אַ מיטטיילונג, אַז אַ שיף מיט פיר טויזנט שפּאַנישע קינדער געפינט זיך אינמיטן ים; זיי פאַרדעכטיקן, אַז דער שיף־קאַפּיטאַן וויל זיך נישט דער־נענטערן צו די ברעגן און דאָן דראָט אַ געפאַר, אַז די שיף, מיט דער מאַנשאַפט און די קינדער זאָלן אַריינפאַלן צום פראַנ־קאָ־שונא.

יוסף האָט שנעל באַוויזן צונויפצושטעלן אַ באַוואָפנ־טע גרופּע, און איז, אונטער זיין אייגענער אָנפירערשאַפט, ביי־נאַכט צוגעשווומען צו דער שיף. די קאָמאַנדאָ איז געווען גוט פאַרמאַסקירט. און ווי אַ פאָרשטייער פון דער רעגירונג, האָט דער קאָנסול דורך אַ הויך־שפּרעכער איבערגעגעבן, אַז ער האָט אַ מעסאַזש פאַרן קאַפּיטאַן. ער האָט פאָרגעלייגט, אַז ער וועט אַראָפּלאָזן אַ קויבער און ער וועט אַלץ איבערגעבן שריפט־לעך. יוסף האָט אים געענטפערט, אַז צוליב דער ערנסטקייט פון דעם ענין, מוז ער אים אַלץ אויפקלערן פערזענלעך. דער קאַ־פּיטאַן האָט זיך אין אָנהייב געקווענקלט, אָבער ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ער איז אַליין, אָן באַגלייטער, האָט דער קאַפּיטאַן אַראָפּגעלאָזט אַ לייטער. אויף דעם האָבן חברה גע־וואַרט. די גאַנצע באַוואָפנטע גרופּע איז אַרויף אויף דער שיף. דער שיף־קאַפּיטאַן האָט פּראָטעסטירט, געשריגן, אַז דאָס איז אַ פּיראַטן־אַקט. נאָך גרויס אַמפּערניש, האָט מען אים געצוווּנגען צוצופירן די שיף צו די פראַנצויזישע ברעגן.

אין יאָר 1937, בעת דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטע־לונג, קומט צו יוספן אויף אַ באַזוך זיין שוועסטער פון פוילן.

זי האָט אים איבערגעבן וועגן דער טרויעריקער לאַגע אין דער היים. דער פאָטער איז געשטאָרבן. די יידישע גבירישקייט איז, ווי דער שטייגער, געבויט אויף זאַמד און צעפאַלט זיך. אין פוילן בושעוועט די רעאַקציאָנערע, האַלב פאַשיסטישע רעגירונג. מען הנדלט זיך צום פאַשיסטישן שכן, צו היטלערן. אין פוילן עקזיסטירט שוין אויך אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע. מען שפּאַלט און מען צעברעכט, מיט דער הילף פון די פּראַקטישע באַיוווקעס, די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. עס ווערט געפירט אַ מלחמה ממש מיט די יידישע קליינהענדלער, וואָס פאָרן אויף די יארידים און שטעלן אויף זייערע סטראַגאַנעס. פּאָגראָמען — פּשיטיק, מינסק־מאַזאָוויעצק, בריסק. בלוטיקע אָנפאַלן אויף די יידישע סטודענטן אין די אוניווערזיטעטן. אין זאַמאָשטש איז די אָרעמסטע טייל פון שטאָט, די נייַ־שטאָט, אונטערגעצונדן געוואָרן, דאָרט, וווּ ס׳האָבן געוווינט די עלטערן פון די באַוווסטע קאָמוניסטן האַקמאַן און עלסטער. אין איין וועג איז אויך פאַרברענט געוואָרן דאָס הויז פון רב, די שטאָט־שול, דער בית מדרש, ביז צו דער יידישער באָד. דאָס אַלץ גיט אים איבער זיין שוועסטער.

די פאַשיסטישע כוחות אין די אַלע גרענעץ־לענדער מיט דייטשלאַנד, הייבן אויף די קעפּ, גרייטן זייער אייגענעם אומקום פון זעלבשטענדיקייט פון זייערע לענדער — דאָס זענען פוילן, ליטע, לעטלאַנד, רומעניע. דער קריג, וואָס עס האָט אָנגעהויבן דער פאַשיסטישער גענעראַל פראַנקאָ, מיט דער הילף פון היטלער און מוסאָליני, קעגן דעמאָקראַטישן שפּאַניע, איז געווען דער פאַרמעסט פון אָנגרייפערישן פאַשיזם, גאָר באַזונדערס קעגן דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

יוסף עפּשטיין האָט אינטענסיוו מיטגעאַרבעט מיט דער לאַנדעס־ביוראָ, צו הילף דער שפּאַנישער רעפּובליק. דער

קאָמיטעט איז אָנגעפירט געוואָרן פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אונטער דער דירעקטער קאָנטראָל פון קאָמאינטערן. דער צענטראַלער פירער איז געווען זשאָרזש גאַסטאָן, ווי אויך זשאַן זשעראָם (אמתער נאָמען: משה פיינטוך). דער לעגאַלער סטאַטוט, דורך וועלכן דער קאָמי־טעט איז געווען טעטיק, איז געווען די געזעלשאַפט „פראַנס נאַוויגאַסיאָן". זי האָט געהאַט אין איר באַזיץ אַ פלאָט מיט 22 שיפן, מיט 1.200 אָנגעשטעלטע מאַטראָסן; זיי האָבן אין די יאָרן פון בירגער־קריג באַוויזן איבערצופירן העכער 11 טויזנט טאָן שפּייז־פּראָדוקטן. פאַרשטענדלעך — אויסער די נישט־אָפיציעלע, שטילע געווער־טראַנספּאָרטן. אָבער דאָס אויסברייטערן זיך פון די מיליטערישע אָפּעראַציעס, ווען דאָס שפּאַנישע פאָלק איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט, גיט אים נישט קיין רו.

אין יאַנואַר 1938 קערט זיך יוסף ווידער אום קיין שפּאַ־ניע, רעקאָמענדירט אין פּאָליטישן קאָמיסאַריאַט פון די אינ־טערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. דער הויפּט־צענטער געפינט זיך אין דער שטאָט אַלבאַסעטע. ער רייסט זיך אָנטייל צו נעמען אין דירעקטן קאַמף אויף די פראָנטן. האָט מען אים צוגעטיילט צום אַרטילעריע־באַטאַליאָן א. ב. פון אַננאַ פּאַוקער, די יידי־שע טאָכטער פון טשערנאָוויץ, וועלכע איז געווען איינע פון די קאָמינטערן־פירער, ווי טעלמאַן, טאָרעז, ראַקאָשי א. אַנד. צוליב זיינע טעכנישע קענטענישן אין געווער פון אַלע מינים, און זיין קורצע דערפאַרונג אין קאַמף, האָט מען אים צוגע־טיילט דעם טיטל קאַפּיטאַן. זיין פּסעוודאָנים איז געווען אַנדריי.

וועגן זיינע מלחמה־אָפּעראַציעס זענען, ליידער, פאַרבליבן ווייניק לעבעדיקע עדות. עס איז וויכטיק צו דערמאָנען איין עפּיזאָד פון יענעם פּעריאָד אין לעבן און קאַמף פון יוסף עפּשטיין. ער איז דאָן אויסגעצייכנט געוואָרן, צוזאַמען מיט

זיין איינהייט אויפן פראָנט ביי דער עבראָ, דער וויכטיקסטער טייך אין שפּאַניע. אויף איין פראָנט־אָפּשניט באַקומט ער אַ באַפעל ער זאָל זיך צוריקציען מיט זיינע באַטעריעס אויפן צווייטן ברעג. די הויפּט־כוחות פון דער אַרמיי האָבן נישט באַוויזן אַריבערצוגיין דעם טייך און צוריקציען די אַרטי־לעריע. עס דראָט אַ געפאַר, אַז די הויפּט־כוחות זאָלן אַריינ־פאַלן אין אַ פּאַסטקע, ווערן אַרומגערינגלט פון דער פאַשיס־טישער פראַנקאָ־אַרמיי. האָט יוסף עפּשטיין נישט אויסגעפירט דעם באַפעל — און פאַרקערט — געגעבן אַן אינס־טרוקציע מען זאָל פאַרשטאַרקן דאָס פייער. ער האָט זיך צוריקגעצויגן דאַן, ווען די הויפּט־כוחות האָבן באַוויזן אַרי־בערצוגיין אויפן אַנדערן ברעג. אָבער פאַרן נישט אויס־פירן דעם באַפעל, איז ער געשטעלט געוואָרן פאַר אַ דיס־ציפּלינאַרן מיליטער־געריכט. מען האָט אָבער אָפּגעשאַצט, אַז דער באַפעל איז געווען אַ פעלער, אַז זיין אָריענטאַציע איז געווען אַ גוטע, כדי צו ראַטעווען די כוחות פון דער רעפּו־בליקאַנישער אַרמיי. ער איז אויסגעצייכנט געוואָרן מיט אַנער־קענונג פונעם הויפּט־שטאַב.

די לאַגע אויף די פראָנטן איז אין סעפּטעמבער 1938 גע־וואָרן אַלץ ערגער, באַזונדערס ביים טייך עבראָ. ס'איז נישט געווען גענוג בלויז ענטוזיאַזם פאַרן דעצידירנדיקן אויסגאַנג פון די שלאַכטן, דער העראָיזם פון די 30־35 טויזנט קעמ־פער פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען טויזנטער יידן פון אַלע לענדער.

446 יאָר נאָכן גירוש שפּאַניע, איז די יידישע רעוואָלו־ציאָנערע יוגנט געקומען קעמפן קעגן פאַשיזם און רעאַקציע. דעמאָלט האָט זיך אויך אויסגעבילדעט אַ באַזונדערע יידישע איינהייט, אויפן נאָמען פון נפתלי באָטווין. נפתלי באָטווין איז געווען אַ יידישער שוסטער־אַרבעטער פון לעמבערג. אין 1924 האָט ער דערשאָסן דעם פּראָוואָקאַטאָר ציעכנאָווסקי,

וועלכער איז איבערגעגאַנגען אַרבעטן אין דער פּוילישער געהיים־פּאָליציי. באַטווין איז פאַרמשפּט געוואָרן צום הענגען, כאָטש ער איז נאָך געווען אַ מינדעריאָריקער. ער האָט אָפּ־געזאָגט צו בעטן אַ באַגנעדיקונג, און מיטן געזאַנג פון „איג־טערנאַציאָנאַל" איז ער געגאַנגען צו דער תליה. זיין העל־דישקייט איז געווען אַ סימבאָל פון רעוואָלוציאָנערן הע־ראָיזם.

די יידישע באַטווין־קאָמפּאַניע איז געגרינדעט געוואָרן, כאָטש די איניציאַטאָרן זענען געווען הייסע סטאַליניסטן, וואָס האָבן געלייקנט דעם עצם קיום פון אַ יידיש פאָלק און יידישע נאַציאָנאַלע פראַגן. צי איז עס געווען יידישער אינס־טינקט, אָדער צוליב פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן? אָבער זיי האָבן איבערגעחזרט די זעלבע איניציאַטיוו פון די באָראָכאָוויסטן אין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד בעת דער פעברואַר און אָק־טאָבער־רעוואָלוציע, אין 1917־18, זיי האָבן אָרגאַניזירט יידישע קאָמפּס־אָטריאַדן. ווי נאָר די באָלשעוויקעס האָבן זיך געשטאַרקט, זענען זיי אָבער אַנטוואָפנט און פאַנאַנדער־געלאָזט געוואָרן.

די כוחות־פאַרהעלטעניש אין שפּאַניע זענען נישט גע־ווען קיין גלייכע. די גוט אויסגעשולטע פראַנקאָ־אַרמיי, איז געשטיצט געוואָרן פון היטלער און מוסאָליני. אויפן פראָנט ביי דער עבראָ האָבן די פראַנקיסטן געהאַט 6 אַרטילעריע באַזעס אויף 1 באַזע — פון די רעפּובליקאַנער. אויף איין אַוויאָן פון די רעפּובליקאַנער האָבן די פראַנקיסטן געהאַט 10 אַוויאָנען. (לויט ווי ס׳גיט אָן י. לערמאַן אין דער פאָררעדע צום בוך פון דוד דיאַמאַנט). אין דער זעלבער צייט, ווען די פאַשיסטישע לענדער, דייטשלאַנד און איטאַליע, האָבן עקס־פּערימענטירט זייערע פאָספאָר־באָמבעס קעגן דער ציווילער באַפעלקערונג און מיט דער גאַנצער מיליטערישער קראַפט געהאָלפן דערשטיקן די שפּאַנישע רעפּובליק, האָבן די דע־

מאָקראַטישע גרויסמאַכטן, ענגלאַנד, פראַנקרייך, געפירט אַ פּאָ־ליטיק פון נישט־אינטערווענץ.

שאַרל טיאָן, אַ קאָמוניסטישער דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט, האָט דעמאָלט אָנטייל גענומען אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער דע־לעגאַציע קיין שפּאַניע. די דעלעגאַציע איז געקומען מיט הומאַ־ניטאַרע צילן, מיטהעלפן די עוואַקואַציע פון פּערזענלעכקייטן, זיי זאָלן נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון די פראַנקאָ־באַנ־דיטן. זיי האָבן בייגעוווינט דעם טרויעריקן פינאַל פון דריי יאָר בירגער־קריג. אין זיין בוך „מען האָט געזונגען רויט״, פרעגט ער זיך: „ווי אַזוי אויפקלערן די צוויי־דייטיקייט פון סטאַלינס פּאָליטיק? די סאָוויעטישע הילף אין קריגס־מאַ־טעריאַלן און טעכניקער איז געווען דער הויפּט־אָנשפּאַר פאַר די רעפּובליקאַנער, געהאָלפן דורך די אינטערנאַציאָנאַלע ברי־גאַדעס. אין דער מלחמה האָט די שפּאַנישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי זיך באַטייליקט מיט איר פולן פּאָטענציאַלן כוח. די שונאים אירע האָבן געוווסט און ריכטיק אָפּגעשאַצט ווי שענדלעך ס׳איז פאַר דער שפּאַנישער רעפּובליק, מצד סטאַ־לינען איינצושטעלן אַן אַטמאָספער פון טעראָר, ווי אויך דאָס אַדורכפירן די פאַרניכטונג פון טראָצקיזם. סטאַלינס אַגענטן האָבן גלייכצייטיק דערשטיקט די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג, וואָס איז געווען זייער שטאַרק אין קאַטאַלאָניע. דאָס שפּאַני־שע פאָלק האָט באַצאָלט אַ טייערן פרייז אין דעם מכשפה־געיעג, מיטן פאַרניכטן דעם טראָצקיזם און דעם אַנאַרכיזם. אין אַלבאַסעטע, וווהין ביאו, דער פראַנצויזישער קאָמוניסטי־שער טוער, איז געשיקט געוואָרן אַלס אינסטרוקטאָר פון קאָמ־אינטערן, פאַר דער פּאָליטישער קאָנטראָל פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער בריגאַדע, דאָרט האָט ער זיך געטראָפן מיט איי־נעם פון זיינע שעפער, מיט אַנדריי מאַרטי. ער שרייבט: „מיר זענען אין פראַנקרייך געווען פול מיט אומרו צוליב דער פאַ־שיסטישער עקספּאַנסיע. מיר האָבן געזען ווי די פאַשיסטישע

5־טע קאָלאָנע האָט אפילו באַוויזן אַריינצוקריגן זיך אין די שפּיצן פון דער רויטער אַרמיי; און דאָס, מיט דער הילף פון דער נ. ק. וו. ד. דערפירט, אַז סטאַלין זאָל ליקווידירן דעם הויפּט־פירער פון דער אַרמיי, מאַרשאַל טוכאַטשעווסקי, צוזאַמען מיט די בעסטע קאַדרן פון דער סאָוויעטישער אָנפירערשאַפט״.

## די שפּאַנישע רעפּובליק גוסט

די שווערע, בלוטיקע קאַמפן ביים טייך עבראָ, ווו יוסף עפּשטיין האָט במשך פון פינף חדשים געקעמפט, זענען געווען די לעצטע, אין וועלכע די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס האָבן אָנטייל גענומען. אין סעפּטעמבער, זענען, לויטן אָפּמאַך מיט דער פעלקער־ליגע, אַרויסגעצויגן געוואָרן אַלע פרעמדע קעמפנדיקע כוחות. די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס זענען צוריקגעצויגן געוואָרן פון די פראָנטן. אָבער פראַנקאָ, מיט זיינע אַלירטע, היטלער און מוסאָליני, האָט פאָרגעזעצט די פאַשיסטישע עקספּאַנסיע. דער גרויסער מיליטעריש־טעכנישער איבערוואָג האָט געצוווּנגען די רעפּובליקאַנישע כוחות זיך צוריקצוציען. דעם 9־טן פעברואַר 1939 זענען 300 טויזנט סאָלדאַטן, 15 טויזנט פאַרוווּנדעטע און 170 טויזנט ציוויל־באַפעלקערונג, איבערגעגאַנגען די פראַנצויזישע גרענעץ. צווישן די לעצטע, וואָס האָבן פאַרלאָזן שפּאַניע, זענען געווען די קעמפער פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. אַלע זענען זיי אינטערנירט געוואָרן אין די פראַנצויזישע קאָנצענטראַציע לאַגערן, פאַרצוימט מיט שטעכל־דראָט.

וויפל פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס זענען געפאַלן אין שלאַכט? לויט די אָנגאַבן פון שאַרל טיאָן אין זיין בוך „מען האָט געזונגען רויט״, זענען 500 אַריינגעפאַלן אין

געפֿאַנגענשאַפֿט, נאָך דער קאַפּיטולאַציע פֿון דער רעפּובליק. בלויז 20 האָבן אויסגעמיטן די עקזעקוציע. לויט ווי ס׳גיט אָן י. לערמאַן, זענען פֿון 40 ביז 50 פּראָצענט אומגעקומען. דער פּראָצענט פֿון די פּאַליאַקן איז געווען נאָך גרעסער. פֿון 5 טויזנט זענען 3.500 געפֿאַלן אין די שלאַכטן. וויפֿל קרבנות האָבן יונגע יידישע מענטשן געגעבן אויפֿן מזבח פֿון שפּאַניע? לויט דער פֿעסטשטעלונג פֿון עסטרייכישן סאָציאָלאָג, דר. טוך, איז די צאָל יידן אָנטיילנעמער און קעמפֿער פֿון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס געווען צווישן 6 און 8 טויזנט. וויפֿל עס זענען געפֿאַלן, איז שווער פֿעסטצושטעלן, ווייל לויט זייער אָפּשטאַם זענען זיי פֿאַררעכנט געוואָרן צו די לענדער, פֿון וואַנען זיי זענען געקומען, אָדער לויט די בריגאַדעס, וווּ זיי האָבן געקעמפֿט. די באָטווין־קאָמפּאַניע, איז לויט דער צאָל, דער עיקר געווען אַ סימבאָלישע. ווי עס גיט אָן אין זיין בוך דער שפּאַניע־קעמפֿער זיגמונט שטיין, איז די צאָל געפֿאַלענע געווען זייער אַ גרויסע. די ערשטע שלאַכט, אין וועלכער די באָטווין־קאָמפּאַניע האָט אָנטיילגענומען, איז געווען אויפֿן פֿראָנט פֿון עסטראַמאַדוראַ. פֿון די 120 קעמפֿער זענען דער ווייט גרעסטער טייל באַשטאַנען פֿון דער רעזערוו־קאָמפּאַניע. די מענטשן האָבן בלויז 3 וואָכן געמאַכט איבונגען. בלויז 20 מענטשן האָט מען געלערנט ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיטן געווער, אָדער זיי האָבן פֿריער געהאַט געדינט אין דער אַרמיי. בלויז 10 פֿון זיי האָבן באַקומען ביקסן, אַזוי איז די קאָמפּאַניע כמעט מיט ליידיקע הענט געגאַנגען אין אַטאַקע אויפֿן שונא.

אין דער צייט, ווען פֿון די פֿראַנקאָ־אָקאָפּעס האָט מען זיי באַגעגנט מיט אַ האָגל פֿון קוילן פֿון מאַשין־געווער. פֿון דער ערשטער אַטאַקע זענען פֿון דער קאָמפּאַניע איבערגעבליבן נישט מער ווי 18 מיליציאָנערן. „די אומשטענדן, ביי

וועלכע די גרעסטע טייל פון דער באַטווין־קאָמפּאַניע האָבן געקעמפּט — גיט ער צו — זענען געווען שוידערלעכע״.
(זיגמונט שטיין איז געווען איינער פון די סאַמע ערשטע יידישע קאָמוניסטישע טוער פון די אָנהויב 20־ער יאָרן. ער האָט אָנטייל גענומען אין דער בונדישער קאָנפערענץ אין דאַנציק אַלס דעלעגאַט פון גאַליציע. דאָרט האָט זיך פאָרמירט דער „קאָמבונד״. געווען אַ זשורנאַליסט, געאַרבעט אין דער יידיש־קאָמוניסטישער פּרעסע אין פּוילן. אין די סאַמע ערשטע טעג פון שפּאַנישן בירגער־קריג האָט ער זיך מאָביליזירט אין די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. אין שפּאַניע ווערט ער צוגעצויגן אין דער בילדונגס־אָפּטיילונג. זייענדיק שווער קראַנק, שיקט מען אים אָפּ קיין פראַנקרייך אין אַ שפּיטאָל הינטער פּאַריז. ווי נאָר ער איז געקומען צו די כוחות, איז ער אין יאַנואַר 1938 צוריקגעפאָרן קיין שפּאַניע, וו ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער ניי־פאָרמירטער באַט־ווין־קאָמפּאַניע. אין 1968 האָט ער, אין אַ דעפּרעסיע־צושטאַנד, גענומען זיך דאָס לעבן. זאָלן די פּאָר שורות זיין צום כבוד פון זיין אָנדענק.).

יוסף עפּשטיין איז אין 1939, צוזאַמען מיט פיל קעמפער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אַריבער די פראַנ־צויזישע גרענעץ און איז גלייך אינטערנירט געוואָרן אין לאַגער גירס, לעבן פּערפּיניאַן. ווי עס האָט מיר איבערגע־געבן זיין פרוי, איז די ערשטע צייט זייער לייכט געווען צו אַנטלויפן פון לאַגער; אָבער די פּאַרטיי האָט רעקאָמענ־דירט מען זאָל דאָרט פאַרבלייבן צוזאַמען מיט דער גרויסער מאַסע מיליציאָנערן. וואָס שווערער ס׳איז געוואָרן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן אין לאַגער, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן די באַוואַכונג. ס׳האָט זיך געפאָדערט אויסערלעכע אינטערווענצן עמיצן צו באַפרייען. וועגן גורל פון עפּשטיינען האָט זיך פאַראינטערעסירט אַ דאָקטאָרין, אַ רעליגיעזע. זי האָט זיך

צוזאַמען מיט עפּשטיינען געלערנט אין באָרדאָ, און האָט גע־קענט די מאָראַלישע פּערזענלעכקייט פון עפּשטיינען. זי האָט געווירקט, אַז דער אַרציביסקופּ פון באָרדאָ זאָל פאַר אים אינטערוועניר‌ן.

דער פעדעראַלער קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַר־טיי אין באָרדאָ האָט דורכן סעקרעטאַר פון דער מערי אין בוסקע, אים אַרויסגענומען פון לאַגער און אים באַשטימט אַ געצוווּנגענע רעזידענס אין באָרדאָ.ביים אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939 האָט זיך עפּשטיין גלייך מאָביליזירט אין דער אַרמיי. מען האָט אים אָפּגעשיקט אין דער פּויל־שער אַרמיי, וואָס האָט זיך פאָרמירט אין פראַנקרייך. ער האָט גלייך באַקומען די מיליטערישע ראַנגע פון אונטער־אָפיציר.

דער דענטיסט גאָרנשטיין, וועלכער איז געווען מיט עפּ־שטיינען אין זעלבן רעגימענט, גיט אָן געוויסע כאַראַקטער־שטריכן פון יוזעקן (ווי זיי האָבן גערופן עפּשטיינען): אָן אַרבעטסזאַמער, אַ צוגעלאָזענער, חבריש, לעבנסלוסטיק, מיט פיל הומאָר, מיט אַ געזונט, פריידיק געלעכטער. אין דער זעלבער צייט — זייער ערנסט. די בעסטע צייט־פאַרטרייב איז ביי אים געווען — שפּילן אין שאַך. אַ גוטער שפּילער. דער אַנטיסעמיטישער גייסט אין פּוילישן מיליטער, האָט אין עפּשטיינען אויפגעוועקט זיין בונטאַרישקייט. ער האָט דערקלערט, אַז אין דער אַטמאָספער פון אַנטיסעמיטיזם, קאָן מען נישט קעמפן קעגן נאַצישן פאַשיזם. כאָטש אים אַליין, אַ בלאָנדער, אַ פעסט־געבויטער, מיט אַ נישט־טיפּיש יידיש פּנים, האָבן די פּאָליאַקן, וואָס דערשמעקן אַ יידן פון דער ווייט, נישט פאַרדעכטיקט, אַז ער איז אַ ייד. אין געציילטע טעג האָט עפּשטיין אָרגאַניזירט אַרום 150 יידישע סאָלדאַטן־פריוויליקע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו דינען אין דער פּוילישער אַרמיי. זיי האָבן זיך געוואָנדן מען זאָל זיי אייג־

שליסן אין פּרייוויליקן פרעמדן־לעגיאָן. עס איז געווען אַ געפּאַר מען זאָל זיי באַטראַכטן ווי דעזערטירן. אָבער נאָך אַ דרייסטער אינטערווענץ, האָט מען זיי אָפּגעשיקט אין רעגימענט, און יוסף איז דערנאָך צוגעטיילט געוואָרן צום 12־טן אויסלענדער־רעגימענט. זיי זענען פון די ערשטע אויסלענדער, געשיקט געוואָרן אויפן פראָנט, צו קעמפן קעגן די דייטשן אין דער געגנט סאָם, ביים טייך ען. אין מאַי, ווען די שלאַכטן האָבן זיך פאַרשטאַרקט, איז יוסף עפּשטיין אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן. אין יוני 1940 האָט מען די געפאַנגענע אָפּגעשיקט אין דער געגנט פון לייפּציק.

אין נאָוועמבער פון זעלבן יאָר, איז ער, טראָץ די שנייען און פרעסט, זאַוויערוכעס, אַנטלאָפן פון לאַגער און איז אָנגעקומען אין דער „בייטראַלער" שווייץ. ער ווערט פאַרהאַלטן און צוריקגעשיקט צו דער דייטשער גרענעץ. עס געלינגט אים אָבער צו אַנטלויפן, דורכשווימענדיק אַ האַלב געפרוירן וואַסער. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער שווימער — האָט מיר די פרוי דערציילט — ווען זיי האָבן איינמאָל שפּאַצירט ביים טייך טור, האָבן זיי געהערט הילף־רופן פון אַ טרינקענדיקן. עפּשטיין איז באַלד אַריינגעשפּרונגען אין טייך און געראַטעוועט דעם מענטש. ער געפינט זיך ווידער אין דער שווייץ, און קומט אָן ביז פראַנצויזישן קאָנסולאַט. 10 טעג האָבן זיי אים דאָרט אויסבאַהאַלטן און אַרויסגעגעבן אים פּאַפּירן פון אַ לאָיאַלן פראַנצויזישן בירגער, אויפן נאָמען יוסף עסטען. מיט אָט דעם פראַנצויזישן דאָקומענט, איז ער דעם 25־טן דעצעמבער 1940 אָנגעקומען קיין פּאַריז. מיט דער הילף פון זיין חבר דעם אינזשיניער דאַניעל בעראַנזשע, וועלכער איז נישט געווען קאָמפּראָמיטירט אַלס קאָמוניסט איז ער אָנגעקומען אַרבעטן אַלס רעפּרעזענטאַנט פון אַ פירמע, וואָס האָט פאַרקויפט מעטאַל־מעבל פאַר ביוראָען.

ער זוכט אָבער די וועגן ווי אַזוי צו פאַרבינדן זיך מיט דער פּאַרטיי.

## דער אָנהייב פון ווידערשטאַנד

„די פּאַרטיי — שטעלט פעסט שאַרל טיאָן — איז אין יענעם פּעריאָד געווען צעשטויבט, נישט נאָר צוליבן טעראָר פון אָקופּאַנט און זיינע פראַנצויזישע קאָלאַבאָראַטאָרן, נאָר אויך אידעאָלאָגיש. דער מעכטיקער אָרגאַניזירטער כוח אין פּעריאָד פון איינהייט־פראָנט, איז געווען דעזאָריענטירט פון גרויסן מאָראַלישן שאָק, וואָס דער היטלער־סטאַלין־אָפּמאַך האָט געשאַפן אין די מוחות פון אַלע דענקענדיקע פּאַרטיי־מיטגלידער. שוין אין 1939, גלייך נאָכדעם ווי ס'איז באַוווסט געוואָרן וועגן דעם אומגלויבלעכן אָפּמאַך, האָבן עטלעכע דעפּוטאַטן אויף אַ פאַרזאַמלונג פאָרגעשלאָגן מען זאָל שיקן אַ דעלעגאַציע צו דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדע, און פאָדערן, אַז דער ראַטנפאַרבאַנד זאָל זיך שטעלן אויף דער זייט פון די דעמאָקראַטישע לענדער, קעגן היטלערן. מאָריס טאָרעז האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם פאָרשלאַג, מיטן מאָטיוו, אַז די פּאַרטיי האָט נישט קיין רעכט אַריינצומישן זיך אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון ראַטנפאַרבאַנד. באַלד נאָכדעם האָבן 22 דעפּוטאַטן דעמיסיאָנירט".

שאַרל טיאָן שטעלט אויך פעסט, אַז דער סעקרעטאַריאַט פון דער פּאַרטיי, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אָנהייב 1940, נאָך דעם ווי טאָרעז און מאַרטי זענען געווען אין מאָסקווע, אין באַשטאַנד פון: דיקלאָ, פראַשאָן און טיאָן, איז זיך ביז פרילינג 1941 נישט צונויפגעקומען. פאַקטיש זענען די מיטגלידער פון סעקרעטאַריאַט געווען באַהערשט פון צוויי

אָריענטאַציעס, באַגריפֿן, שטרעבונגען: קודם מענטשן, וואָס האָבן אינערלעך נישט געבלוטיקט צוליבן אָפּמאַך; מענטשן, אויטאָמאַטן, לויטן רעליגיעזן באַגריף: גאָט איז גערעכט און זיינע מעשים זענען שטענדיק באַרעכטיקט. דערפֿאַר האָבן אַ טייל געזוכט צוצופּאַסן זיך, אָדער אַרויסגעוויזן לאָיאַלקייט צום אָפּמאַך. מען האָט אויך געזוכט צו לעגאַליזירן ביי דער אָקופּאַציע־מאַכט די „הימאַניטע״. אָבער די יונגע, באַזונדערס די געוועזענע שפּאַניע־קעמפּער, האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף אַוועק אין דער אומלעגאַליטעט און פֿירן אַ ביטערן קאַמף קעגן די נאַציס. דער ווידערשטאַנד אויף דער פּראָווינץ האָט זיך אָנגעהויבן שוין אין 1940. אין באָרדאָ האָבן די דייטשע אָקופּאַנטן דורכגעפֿירט די ערשטע עפֿנטלעכע עקזעקוציע פֿון יונגן ייד פֿון פּוילן, ישראל לוזענקאַרפּ, דערפֿאַר, ווייל ער האָט אויפֿגעהויבן די פֿויסט, ווען די נאַציס האָבן אַרויפֿגעצויגן זייער פֿאָן מיטן האַקנקרייץ.

דעם 27־טן מערץ 1941 שרייבט זשאַק דיקלאָ אַן אַרטיקל אין דער אומלעגאַלער „הימאַניטע״ קעגן אָנווענדן אינדיווידועלן טעראָר בנוגע דעם אָקופּאַנט. ס'איז געווען אַ פּאָליטיש דעזאָריענטירטע צייט. ס'האָבן געהערשט דעקאַדענטישע שטימונגען. ביי אַ טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג — אַ נייגונג פֿון צופּאַסלעריי, ביז אָפֿענער, אָן בושהדיקער קאָלאַבאָראַציע, געדעקט מיטן פֿאַלשן פּאַטריאָטיזם פֿון די ווישי־לייט.

יוסף עפּשטיין האָט זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיעס פֿון זיצן מיט פֿאַרלייגטע הענט, כאָטש ער האָט געהאַט גוטע אַרישע פּאַפּירן, און געהאַט אויך אַ „גוטן״ אויסזען פֿון אַן אַריער. ער האָט גלייך גענומען זוכן אַ וועג צו קאַמף, צו ווידערשטאַנד. פֿון יענער צייט איז פֿאַרבליבן נאָך אים אַ פּאָליטישער דאָקומענט. אַ טייל מיינען, אַז דאָס איז געווען אַ בריוו צום קאָמאַינטערן. דער שרייבער און ווידער־

שטענדלער אַזעליאַס שרייבט אין זיין בוך „די זון פון די נעכט״: „דאָס איז געווען אַ ראַפּאָרט צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי״. אָבער דער שרייבער אוזוליאַס האָט, זעט אויס, נישט געוווסט, אַז אין יענעם פּעריאָד איז שוין די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, זייט 1938, געווען אויפגעלייזט; און אַז ס׳האָט נאָך אין פּוילן, אין 1941, נישט עקזיסטירט קיין צענטראַל־קאָמיטעט. די אמתע געשיכטע פון דאָקומענט איז אַזאַ: זוכנדיק אַ פּאַר־בינדונג מיט דער פראַנצויזישער פּאַרטיי, האָט ער אָנגעטראָפן אַ חבר פון פריערדיקן פּעריאָד. יענער האָט אים קאָנטאַקטירט מיט אַ געהיימען שליח פון דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדע אין פראַנקרייך. און גאַנץ וואַרשיינלעך, לאָגיש גענומען, האָט מען ביי אים פאַרלאַנגט ער זאָל אָנשרייבן אַ פּאָליטישע אָפּשאַצונג וועגן דער לאַגע אין פראַנקרייך. און אָט וואָס ער האָט געשריבן אָנהייב יוני 1941: זיין אָפּשאַצונג וועגן דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע אין לאַנד, וועגן דער ראַציאָנירונג פון לעבנס־מיטלען, פאַרפרירונג פון לוין פון אַרבעטער. פאַרענדיקט האָט ער, אַז „די נאַציאָנאַלע שטימונגען ביי די פראַנצויזישע מאַסן וואַכן אויף קעגן אָקופּאַנט. אָבער ס׳איז אים נאָך שווער צו באַוועגן צו קאָנקרעטע מעשים. קיינער קען נישט פאַרשטיין די פּאָליטיק פון ראַטנפאַרבאַנד, נאָכן שליסן דעם מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ אָפּמאַך. אַלע מיינען, אַז דער אָפּמאַך איז אַ פאַראַט. (וואַר־שיינלעך האָט ער זיך אויך צוגערעכנט צו די, וואָס מיינען אַזוי). נאָר אויב דער ראַטנפאַרבאַנד וועט אַריין אין דער מלחמה קעגן היטלער־דייטשלאַנד, וועט ער האָבן מיט זיך דאָס גאַנצע פראַנצויזישע פאָלק״.

# דער אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד

מיטן אָנפאַל פון דער היטלער־אַרמיי אויפן ראַטנפאַר־באַנד, האָט די קאָמוניסטישע באַוועגונג באַקומען נייע פליג־לען. יוסף עפשטיין באַקומט אַ פאַרבינדונג מיט די סינ־דיקאַלע טוער און הייבט אָן זיין ווידערשטענדלערישע טעטי־קייט מיטן אָרגאַניזירן סאַבאָטאַזש אין די פאַבריקן.

אין נאָוועמבער 1941 ווערט ביי אים געבוירן אַ זון. דאָס משפחה־גליק האַלט אים נישט אָפּ אויף קיין איין מינוט אויסצופירן זיינע סאַבאָטאַזש־אַקטן קעגן בלוטיקן דייטשן אָקופּאַנט. צוזאַמען מיט זיינע מיטהעלפער פירט ער דורך וויכטיקע אַקציעס. אין אָנהייב 1942 ווערט ער באַשטימט ווי דער פאַראַנטוואָרטלעכער און פּלאַנירער פון דער אומ־לעגאַלער טעטיקייט, וואָס די סינדיקאַלע טוער פירן דורך אויף די פאַבריקן. ער איז אין כסדרדיקער פאַרבינדונג מיט די באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער־גרופּן. וועגן דעם זאָגט עדות אַנדריי טאָלע, דער פּרעזידענט פון באַפרייאונג־קאָמיטעט פון פּאַריז, סעקרעטאַר פון דער סינדיקאַלער באַוועגונג אין פּאַריזער ראַיאָן בעתן אויסברוך פון דער מלחמה:

„לויטן באַשלוס פון דער פּאַרטיי, בין איך אַריין אין אומלעגאַליטעט גלייך ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכן. אָנ־הייב 1941 קום איך צוריק קיין פּאַריז. יוסף עפשטיין פאַר־בינדט זיך גלייך מיט מיר. ער איז שוין צו יענער צייט אין קאָנטאַקט מיט אַ גרופּע, ווי אויך אין פאַרבינדונג מיט דער סאָוויעטישער אַמבאַסאַדע. ער האָט אויך אויסגעפירט די פונקציע פון קאַסירער. דעם 20־טן יוני 1941 האָט מען די גאַנצע גרופּע — אויסער עפשטיינען — געהאַט אַרויסגערופן קיין ראַטנפאַרבאַנד. לויט די השערות פון עפשטיינען, האָט מען זיי אַרויסגערופן אויף מיליטערישער איבערקוואַליפי־

קאַציע. דעם 22־טן יוני 1941, ווען די נאַצישע חיילות זענען באַפאַלן דעם ראַטנפאַרבאַנד, האָבן זיך די חברים פונקט געפונען אין באַן־וואַגאָן, אויפן וועג קיין ראַטנפאַרבאַנד, אויף דער דייטשער טעריטאָריע. מען האָט זיי אַלע אַרעסטירט און שפּעטער אומגעבראַכט.

דעמאָלט האָט יוסף עפּשטיין, צוזאַמען מיטן חבר בוקע, גענומען אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד. ער האָט אַליין צו־געטראַכט אָנצושיטן כעמישע מאַטעריאַלן אין גומענע פינ־גער, אַז זיי ליגן אַ געוויסע צייט, פּראָוואָצירן זיי שריפות. די ערשטע וויכטיקע אויפגאַבע זיינע איז געווען צו שעדיקן דעם טראַנספּאָרט, די נאַציס זאָלן נישט האָבן די מעגלעכ־קייט אַרויסצופירן פון פראַנקרייך די מאַטעריאַלן און רוי־שטאָפן, וואָס שטאַרקן זייער מיליטערישן פּאָטענציאַל. חוץ דעם, איז זיי אויך געלונגען אויפצורייסן באַן־ליניעס. זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט דער גרופּע פון סינדיקאַלן טוער לואי סאַיאַ, אַ פאָרשטייער פון פאַר דער מלחמה אין דער ס.זש.ט. און אין אינטערנאַציאָנאַל פון די רויטע סינדיקאַטן, אין פּראָפינטערן. יוסף האָט געטראָגן דעם פּסעוודאָנים באַר־דיליאָ, ד. ה. אַן אָפּשטאַמיקער פון באַרדאָ. ער האָט גוט באַ־הערשט די פראַנצויזישע שפּראַך, אָן שום אַקצענט. אַ בלאָנ־דער, מיט ליכטיקע אויגן. אַז ער איז אַ ייד פון פּוילן, איז קיינעם אַפילו נישט איינגעפאַלן. די סאַבאָטאַזש־אַרבעט האָט זיך אויסגעברייטערט. עפּשטיין איז געווען דער פּלאַנירער פון די אַקציעס.

די ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט אין די לעצטע חדשים פון יאָר 1942 איבערגעלעבט אין פּאַריז גרויסע שוועריקייטן. ס'איז די ספּעציעלע עס־עס־בריגאַדע, אין קאַמף קעגן די פּאַרטיזאַנער געלונגען צו געבן אַ שווערן קלאַפּ דער ווי־דערשטאַנד. ס'איז אַרעסטירט געוואָרן דער הויפּט־שטאַב פון פּאַריז און פּאַריזער ראַיאָן. אין אָט דער קריטישער צייט

האָט די לאַנד־אָנפירונג, אונטער דער הויפּט־פירונג פון שאַרל
טיאָן, באַשטימט אַלס קאָמיסאַר פון אַלע מיליטערישע אָפּע־
ראַציעס אין פּאַריז און אין פּאַריזער ראַיאָן יוסף עפּשטיין,
אונטער זיין נייעם פּסעוודאָנים: קאָלאָנעל זשיל. ער האָט
איבערגענומען די אָנפירונג פון פריערדיקן קאָמיסאַר ראָזשע
לינעט. זיי זענען אויך אונטערגעלעגן אַלע באַוואָפנטע אַק־
ציעס פון די מיליטערישע גרופּן, אומדירעקט אויך פון דער
מ. אָ. אי. אָנגעפירט פון מאַנוכיאַן און באָטשאָוו.

אין דעם ספּעציעלן נומער פון דער אומלעגאַלער אויס־
גאַבע „פראַנס־ד׳אַבאָר", דערשינען אין מערץ 1943, ווערט
באַגריסט דער זיג פון דער סאָוויעטישער אַרמיי אין סטאַ־
לינגראַד, און רופט די פּאַריזער באַפעלקערונג צו שלאָגן דעם
שונא אין סאַמע האַרץ פון פראַנקרייך, אין פּאַריז, ווו ס׳איז
די גרעסטע באַן־נעץ, ווו עס זענען קאָנצענטרירט די מע־
טאַלורגישע און אַנדערע אינדוסטריעלע צווייגן, וואָס אַרבעטן
פאַרן קריג. די אויפגאַבע איז געווען: דעמאָראַליזירן דעם
טראַנספּאָרט, סאַבאָטאַזש אויף די פאַבריקן. אין זעלבן נומער
איז אויך פאַרעפנטלעכט אַ קאָמוניקאַט, וואָס ציט אונטער
אַ סך־הכל פון דעם באַוואָפנטן קאַמף פאַר די לעצטע דריי
חדשים: די גרופּע אויפן נאָמען פון פּיער סעמאַר האָט
אויפגעריסן צוויי וואַגאָנען מיט אַמוניציע. דער אויפרייס איז
געווען פון אַזאַ קראַפט, אַז מער ווי 100 מעטער באַן־שינעס
זענען פאַרניכטעט געוואָרן. נאָכדעם גייט אַ גאַנצע ליסטע
פון מיליטערישע אַקציעס אויף די פּאַריזער גאַסן און
דער אומגעגנט. עס איז אויפגעריסן געוואָרן אַ לאַגער פון
בענזין און אייל פון דער דייטשער אַרמיי. מיט באָמבעס און
גראַנאַטן האָט מען אַטאַקירט אַ מיליטערישן פּאָסטן אין
אָבערווילייע און אין מאָנרוזש. מען האָט אונטערגעצונדן אַ
מיליטערישן גאַראַזש אויף רי דע ראָזיע, אויף רי דע ריוואָלי
איז דערשאָסן געוואָרן אַ גענעראַל און אַ קאָלאָנעל.

די מ.אָ.אי־גרופּן, אָנגעפירט פון מאנוכיאן און באטשאוו, האָבן אין מיטן טאָג באַוואָרפן מיט באָמבעס אַ האָטעל־רעסטאָראַן פון דייטשע אָפיצירן, מאַכנדיק אַ סך טויטע ביים שונא. ביים צוריקציען זיך, האָט זיי די פּאָליציי באַכגעיאָגט. 5 פּאָליציי־לייט זענען געפאַלן פון די „פריי־שיסער״. ביי פּאָרט קליניאַקור איז געווען אַן איבערפאַל אויף אַ דייטשן מיליטער־פּאָסטן, עס זענען דאָרט געווען טויטע און פאַר־וווּנדעטע און קיין שום פאַרלוסט פון די פּאַרטיזאַנער. ביי פּאָרט ד'אָרלעאַן האָבן זיי אויפגעריסן אַן אויטאָבוס מיט סאָלדאָטן. צענדליקער מיליטערישע אַפּאַראַציעס אויף די באַנען, וואָס פירן מיליטערישע מאַטעריאַלן.

אין די יאָרן 1941־42 האָט די ווידערשטאַנד אין פּאַריז געהאַט גרויסע פאַרלוסטן. פּאַריז איז דאַן געווען דער הויפּט צענטער פון ווידערשטאַנד. די מעטאָדן און די פּלאַנירונג פון יוסף עפּשטיין, די מיליטערישע אַקציעס, האָבן געדינט אַלס מוסטער פאַרן גאַנצן לאַנד. עס איז אַרויסגערופן גע־וואָרן אַ דיסקוסיע אין דער הויפּט־אַנפירערשאַפט פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג די געענדערטע טאַקטיק פון די מי־ליטערישע אַקציעס. לויט דער פּלאַנירונג פון יוסף עפּשטיין. ער האָט פאָרגעשלאָגן צו פאַרבייטן די איינגעשטעלטע טאַק־טיק דורך אַ דריילינג, ווו איינער פירט אויס די אַקציע און צוויי דאַרפן היטן און דעקן דאָס דערמעגלעכן צוריקצוציען זיך. ער האָט פאַרגעלייגט און אָנגעהויבן צו רעאַליזירן אין פּאַריז גרופּן פון 10 — 21 — 15 קעמפער. דער נאַציאָנאַלער הויפּט־קאָמאַנדיר, שאַרל טיאָן, האָט געשטיצט דעם סיסטעם, די טאַקטיק, און איז רעקאָמענדירט געוואָרן פאַרן גאַנצן לאַנד.

אין 4־טן באַנד פון דער „געשיכטע פון ווידערשטאַנד אין פראַנקרייך״, פון הענרי נאָגער, ביי דער מיטאַרבעט פון מאַר־סעל דעגיאָם פושע, זייט 246, ווערט דערציילט פאָלגנדעס:

„זשיל — שרייבט ער — האָט פֿאַרמאָגט טעכנישע און אַלגעמיינע קענטענישן פֿון גרויסן פֿאַרנעם, נישט צוגעבונדן צו דער אויבערפֿלעכלעכער לערע, וואָס מען גיט געוויינלעך אין דער אַרמיי; פֿאַרקערט, ער האָט געהאַט זיינע אייגענע איינפֿאַלן, ווי צו אַדאַפּטירן אַלץ אין גערילאַ־קאַמף. די מערסטע חברים אין די שטעט האָבן געהאַט זייער סיסטעם אין קאַמף א דריילינג: אַ שיסער, אָדער אַ גראַנאַטן־וואַרפֿער, און צוויי אַנדערע קעמפֿער — זיי צו באַשיצן ביים צוריקציען זיך.

„אין אַזאַ שטאָט ווי פּאַריז, פֿול מיט פּאָליציי און אַלע מינים דייטשע טרופּן, האָט יוסף עפּשטיין אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק צו אָנגאַזשירן פּופּצן, אָדער צוואַנציק קעמפֿער אין אַן אָפּעראַציע.

„אין אָנהייב האָבן די שעפֿן פֿון די אָפּטיילונגען, און אַפֿילו זיינע חברים פֿון מ.אָ.אי. איינגעאיבט אין דריי־קאַמף, שווער אויפֿגענומען זיין נייעם איינשטעל. דער מיליטערישער קאָמיטעט גופֿא פֿון פּאַריזער ראַיאָן האָט זיך צוערשט געוואַקלט פֿאַר אָט דער נייער קאָנצעפּציע און פֿאַרן אָפּעראַטיוון קאָמיסאַר.

„זשיל האָט געשטעלט דעם פֿאָלגנדן פּראָבלעם: אויב מיר אַנגאַזשירן אין מיטן העלן טאָג, אין פּאַריז, אַ גרופּע פֿון דריי אין אַן אָנגריף אויף אַ מיליטער־אָפּטיילונג, איז אַלעמאָל פֿאַראַן די געפֿאַר פֿון אַרעסטן, און ס'קען זיין אַ האַלבער, אָדער אַ פֿולשטענדיקער דורכפֿאַל. דאַקעגן, וועט זיך אונז אַלץ איינגעבן, אויב מיר אַנגאַזשירן פּופּצן אָדער צוואַנציק קעמפֿער, אין אַ גוט־צוגעגרייטער מיליטערישער פֿאָרמאַציע. אויב מיר וועלן באַווייזן זיי אויסצושטעלן אויף סטראַטעגישע פּאָזיציעס, ס'זאָל נישט אַרויסרופֿן קיינעמס חשד, וועלן מיר דאַן האָבן די איבערגעוויכט אינעם סיורפּריז.

„אין יענעם מאָמענט האָב איך, אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון זשילן, אָנטיילגענומען אין אַ צפֿון־פֿאַרשטאָט, אַלס נאַציאָנאַלער קאָ־

מיסאָר פון די אָפּעראַציעס, אין אַ צוזאַמענטרעף פון פּאַרטײזער מיליטערישן קאָמיטעט, כדי אונטערצושטיצן דורכצופירן זײַנע פּאַרשלאָגן.

„די קאַמפּן אין פּאַריז אין יאָר 1943 זענען געשטאַנען אונטערן צייכן פון קאָלאָנעל זשיל".

די דײַטשן האָבן געצאָלט אַ בלוטיקן פּרײַז פאַר זײער פּינקטלעכקײט. עס איז גענוי אויסגעפאָרשט געוואָרן אין וועלכע שעהן עס בײַטן זיך די מיליטערישע וואַכן. דאַן האָט מען אויף יעדן אָפּשניט צוגעגרײט קעמפער. פון אַלע זײַטן האָט מען זיי באַגעגנט מיט פייער. אַ באַזונדער אַכט איז געלייגט געוואָרן, אַז די קעמפער זאָלן גיין אַנגעטאָן שיין, זיי זאָלן מאַכן דעם אײַנדרוק פון צופרידענע בירגער, וואָס שפּאַצירן. אַזאַ מין קאַמף איז פאָרגעקומען אויפן פּלאַס אָדעאָן. דאָרט האָט רעגולער, יעדן טאָג אין דער זעלבער צייט, דורכמאַרשירט אַ קאָמפּאַניע דײַטשע סאָלדאַטן, זיי זענען אין דעם טאָג באַפאַלן געוואָרן מיט באָמבעס און גראַנאַטן. אין דער זעלבער צייט איז אָנגעקומען אַ צווייטע דײַטשע קאָמפּאַניע. זיי האָבן אָבער נישט באַוויזן זיך צו אָריענטירן, וואָס דאָ קומט פאָר, און האָבן געשאָסן איינער אויפן אַנדערן.

די דײַטשע קאָמאַנדאַנטור האָט פאַרשטאַנען, אַז בײַ די פּאַרטיזאַנער איז פאָרגעקומען אַ נײַע מיליטערישע איבערגרופּירונג. האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַן אינסטרוקציע, אַז דאָס בײַטן זיך פון די וואַכן זאָל נישט פאָרקומען אין די רעגולערע שעהן. ס'איז אויך פאַרווערט געוואָרן די סאָלדאַטן און אָפיצירן פרײַ צו שפּאַצירן, און דאָס געווער — שטענדיק גרייט, זיך צו באַנוצן דערמיט. ס'איז אַוועק די צייט, ווען פאַר די דײַטשע סאָלדאַטן און אָפיצירן איז דאָ געווען אַן אָפּרו, מיט זיכערקייט. נישט בלויז אויף די גאַסן, נאָר אויך אין זייערע האָטעלן, רעסטאָראַנען און „פריילעכע הייזער" האָבן זיי זיך אָנגעהויבן פילן נישט זיכער.

אין די ערשטע יאָרן 42־1941 זענען ביי די אַקציעס אַלע מאָל געפאַלן מער פּאַרטיזאַנער, ווי דייטשן. דאָס מאָל האָט זיך עס ראַדיקאַל געענדערט. די דייטשן האָבן געצאָלט מיט בלוט פאַר יעדן קעמפער. כאָטש די דייטשע קאָמאַנדאַנטור איז געווען פּאַרזיכטיק, האָבן זיך פילפאַכיק געשטאַרקט די פּאַרטיזאַנישע אַקציעס. ס'איז געווען אַ נייע נאַציאָנאַלע דערוואַכונג פון פּאַטריאָטיזם ביי אַלע שיכטן פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג. ווייל אין די ערשטע צייטן זענען די קעמפער געווען דער עיקר פון די רייען פון אַרבעטער, קאָמוניסטן, סימפּאַטיקער. דאָס מאָל האָבן זיך די פּאַרטיזאַנער־רייען גענומען אויספילן מיט סאָציאַליסטן, גאָליסטן, ראַדיקאַלן. עס איז געווען אַ סך האָפענונג אין זיג, וואָס דערנענטערט זיך. אוזוליאַס דערציילט אין זיין בוך „די זון פון די נעכט”:

„יוסף עפּשטיין איז שטאָלץ געווען מיט דער דרייסטקייט און דער דיסציפּלין פון די קעמפער אין די מ.אָ.אי.־גרופּן. גאָר באַזונדער האָט ער געהאַט ליב פאַרן יונגן 20־יאָריקן קעמפער, זיין לאַנדסמאַן מאַרסעל ריימאַן. „איך וואָלט געוואָלט זאָלסט האָבן געזען — האָט יוסף געזאָגט — ווי אַזוי ער האָט ליקווידירט זשוליוס ריטער, דעם פאַרטרעטער, וואָס איז געקומען קיין פראַנקרייך אָרגאַניזירן די דעפּאָרטאַציע פון פראַנצויזישע אַרבעטער קיין דייטשלאַנד”. ער האָט אים, מאַרסעל ריימאַן, טיטולירט: „2־טער טשאַפּאַיעוו פון פּאַריז”.

דער יוגנטלעכער מאַרסעל ריימאַן איז זייער באַליבט געווען ביי זיינע קאַמפּס־חברים. זיין ברייטלעך פּנים האָט שטענדיק געטראָגן אויף זיך אַ ליבלעכן שמייכל. דאָס האָט צוגעגעבן מוט. ער איז קוים 18 יאָר אַלט געווען, ווען ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער ווידערשטאַנד. מיט זיין אייגעבוירענער אינטעליגענץ און שנעלער אָריענטאַציע, האָט ער זיך גיך אַרויסגערוקט אַלס אינסטרוקטאָר, האָט געלערנט די

פאַרטיזאַנישע קונסט פון גאַסן־קאַמפּן. ביים אויספאַרמירן זיך פון דער טשעכישער גרופּע ווידערשטענדלער, האָט מען אים געשיקט צו זיי אַלס אינסטרוקטאָר, ווי אויך צו דער גרופּע אַרמענער.

אויף מאַרסעל ריימאַן, דעם קעמפער קעגן אָקופּאַנט, איז געווען געוואָנדן דער האַס פון דייטשן פאַשיסט און פון דער פראַנצויזישער קאָלאַבאָראַציאָנע־פּרעסע, אין זייער אַנטיסע־מיטישער פּראָפּאַגאַנדע. דעמאָלט האָט די געשטאַפּאָ אָרגאַ־ניזירט דעם ספּעקטאַקולערן פּראָצעס קעגן די 23 העראָאישע קעמפער פון דער מאַנוכיאַן־גרופּע. דער „לע סואַר" פון 22־טן פעברואַר 1944 שרייבט:

„איר זעט דעם ייד ריימאַן מיטן מערדערישן געווער אין האַנט. קוקט נאָר אָן די ברייטע מאָרדע פון אַ פאַרברעכער. אין זיין פערוועזן בליק דערשיינט דער גאַנצער סאַדיזם פון זיין ראַסע". אין אַ רעפּאָרטאַזש פון געריכט־זאַל: „ריימאַן זעט אויס ווי אַ פאַרברעכערישער טיפּ פון אַ רוסישן ראָמאַן. אַ דערשראָקענער, בלאַס ביז צו די ליפּן, מיט אַרויסגע־סטאַרטשעטע אויגן. ער דערשיינט ווי נישט פון דער וועלט. דאָס איז די פאַרלייקענונג פון דער מאָראַל פון אַלע צייטן. דער אייביקער רעוואָלטירער, דער שטענדיקער צעשטערער פון מענטשלעכער ציוויליזאַציע, דער אויפרייסער פון באַנען. אויב אין פראַנקרייך איז פאַראַן באַנדיטיזם, גנבות, סאַבאָ־טאַזש, ווערט עס אַלץ אָנגעפירט פון יידן. ס'איז אַ קאָמפּלאָט קעגן פראַנקרייך"...

פאָלין, די פרוי פון יוסף עפּשטיין, האָט מיר איבערגע־געבן, אַז כאָטש זי אַליין איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי, האָט זי נישט געוווּסט וואָס פאַראַ פונקציע יוסף פירט אויס און ווו ער געפינט זיך אַ גאַנצע וואָך. ווייל אין אָנהייב האָט מען זיי געפונען אַ וווינונג אַ 200 קילאָמעטער פון פּאַריז, אין אַ דאָרף, אין ראַיאָן ליאַנג. דאָס הויז איז געווען

5 קילאָמעטער ווייט פון הויפּט־וועג. עפּשטיין האָט פאַר־אויסגעזען, אַז ער קען האָבן אַ דורכפאַל, אַרעסטירט ווערן. כדי ער זאָל נישט דאַרפן איבערלעבן קיין נסיון — ווייל די דייטשע הענקער ווענדן אָן ביי דער אויספאָרשונג דעם דרוק, מאָראַליש צו צעברעכן און אויסגעבן די מיט־קעמ־פער — מיטן מוטשען אין די אויגן פון זייער קרבן די פרוי, די קינדער, די מוטער; האָט ער דעריבער געזאָרגט צו שאַפן זיך אַ וווינונג פאַר דער פרוי מיטן קינד ווייט פון פאַריז. אַפילו זיינע נאָענטע קאַמפּס־חברים האָבן נישט געוווּסט זיין אַדרעס. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ צוואה, וואָס ער האָט געגעבן צו באַהאַלטן דעם אינזשיניער הענרי זשיראָן, פאַר דער פרוי און קינד, אויף זיין טייל ירושה פון זיינע עלטערן אין זאַמאָשטש. דאָס באַווייזט, אַז אַזאַ קלוגער און פּאָליטיש רייפער מענטש, ווי יוסף עפּשטיין, האָט אַפילו אין יאָר 1943 נישט פאָרגעשטעלט זיך דעם פינצטערן גורל פון די יידן אין פּוילן.

זיין באַקאַנטער, אינזשיניער הענרי זשיראָן, וואָס אויך זיין פרוי מיט די צוויי קינדער האָבן געוווינט אין יענעם ראַיאָן, פלעגט אַהיימקומענדיק אויף שבת־זונטיק, טיילמאָל מיטנעמען מיט זיך יוספן. אין שטוב איז ער געווען אַזוי רואיק, אַזוי געמיטלעך, געשפּילט זיך מיטן זון, וועלכער איז שוין אַלט געווען 17 חדשים. ער האָט געמאַכט דעם איינ־דרוק, אַז ער קומט אַהיים אַ צופרידענער, פון אַ רואיקער אַרבעט, ווי אַ דורכשניטלעכער מלוכה־פונקציאָנאַר. אויך דער אינזשיניער הענרי זשיראָן, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַ גרויסער אונטערנעמונג אין נאָאַי, האָט דערקלערט: „ווען וואָלט געקענט איינפאַלן, אַז אָט דער קאַלטבלוטיקער, רואיקער מענטש פירט אָן מיט אַלע מיליטערישע אַקציעס אין פאַריז און אין פאַריזער ראַיאָן".

דעם לעצטן טאָג, איידער ער איז אַרעסטירט געוואָרן,

איז ער געווען ביי זיינע איבערגעגעבענע פריינד בעראַנזשע, אויף 17 רי גורסאַן אין 17־טן אַראָנדיסמאַן. זיי האָבן גלייך באַמערקט, אַז יוסף לעבט איבער גרויסע זאָרגן. דעמאָלט איז אים שוין געווען באַוווסט, אַז די געהיימע אויסשפּיר־דינסט, טעטיק אין סאַמע האַרץ פון שונאס אַפּאַראַט, האָט איבער־געגעבן דעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון דער פ.ט.פּ. אַז אין דער פּאַריזער אָרגאַניזאַציע איז פאַראַן אַ פאַרעטער. מען איז געווען באַזונדערס באַזאָרגט, דערוויסנדיק זיך, אַז דער קעמפער דאַווידאָוויטש, פון דער מאַנוכיאַן־גרופּע, איז אַרעס־טירט געוואָרן און איז גאָר אומגעריכט באַפרייט געוואָרן און האָט גאָר אָנגעגעבן, אַז ער איז אַנטלאָפן. ער האָט געקענט אַ סך אַדרעסן. אָבער דער פאַרדאַכט איז געווען גרויס. דער שרייבער און ווידערשטענדלער אוזוליאַס גיט איבער אין זיין בוך, אַז ער האָט דעמאָלט געהאַט אַ ספּעציעלע טרעפונג מיט עפּשטיינען אין וואַלד פון פאָנטעבלאָ. זיי זענען ביידע געווען זייער באַזאָרגט וועגן דעם ענין. עס איז געווען אַ פראַגע ווי אַזוי וואָס גיכער צו וואָרענען די חברים, זיי זאָלן ענדערן זייערע אַדרעסן, צו פאַרשטאַרקן די פאָרזיכטיקייט. דאָס איז דעמאָלט נישט געווען פון די לייכטע זאַכן.

## דער אַרעסט פון יוסף עפּשטיין

דעם 16־טן נאָוועמבער האָט יוסף עפּשטיין געהאַט אַ וויכ־טיקע טרעפונג מיט מאַנוכיאַן אין שטעטל איוורי־פּטי־בורג, פּאַריזער ראַיאָן. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, איז די טרע־פונג שוין געווען פאַרשיט, אָדער מען האָט זיי שוין ביידע נאָכשפּיאָנירט; ווייל דאָרטן טאַקע זענען זיי ביידע אַרעסטירט געוואָרן. זיי זענען געווען באַוואָפנט, אָבער זיי האָבן זיך נישט געקענט באַנוצן מיטן געווער, ווייל זיי זענען געוואָרן

אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. די אויספאָרשונג איז געווען אַ סאַדיסטישע. מען האָט יוספן אָנגעטאָן אַ לעדערנע מאַסקע, וואָס האָט אַזוי צוזאַמענגעפרעסט דעם גאַנצן קאָפּ און אים פאַרוואַנדלט אין איין בלוטיקע מאַסע. דריי חדשים האָט מען אים אַזוי געמאַטערט. בעראַנזשע, וועלכער האָט אים באַזוכט, שוין נאָכן פּראָצעס, אין דער תפיסה פרען, האָט אים כמעט נישט דערקענט. דער קאָפּ זיינער איז געווען געשוואָלן, צוויי־מאָל אַזוי גרויס.

אָבער עפּשטיין האָט געשוויגן, אַפילו זיין אמתן נאָמען האָבן די הענקער נישט אַרויסבאַקומען ביי אים. די געהיימע אויסשפּיר־דינסט האָט איבערגעשיקט אַ בריוו צום אינזשי־ניער העגרי זשיראָן. דאָרט איז אויך געווען אַ בריוועלע, געשריבן אויף פּאַפּיראָס־פּאַפּיר. עפּשטיין האָט געבעטן צו באַזאָרגן אים אַ זעגל איבערצושניידן די קראַטן. די אויפ־גאַבע האָבן די חברים איבערגעגעבן דורכצופירן די פרוי מאַרגאַריט מאַנינא. זי איז געווען אַ מאַמע פון צוויי קינדער. ס'איז אויך פאַרבונדן געווען מיט לעבנס־געפאַר.

איך האָב זיך דערוווסט פון אַנדרע טאָלע, דעם פאָרזיצער פון קאָמיטעט פאַר באַפרייען פאַריז, ווו אָט די העלדישע פרוי לעבט. אין באַגלייטונג פון אַ געוועזענעם שפּאַניע־קעמפער האָבן מיר זי באַזוכט אין איר וווינונג, אין לאַטייניש קוואַר־טאַל. פרוי מאַרגעריט האָט מיר דערציילט, אַז ביי איר אין שטוב איז געווען די לעצטע טרעפונג מיט עפּשטיינען 15 טעג פאַר זיין אַרעסט. און זי האָט צוגעגעבן:

— מיט עפּשטיינען האָבן איך זיך באַקענט גלייך נאָך זיין צוריקקומען פון שפּאַניע, אין 1938. אָבער מיט די שפּאַנישע חברים, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט אים, האָב איך זיך באַקענט נאָך פאַרן אָנהייב פון בירגער־קריג אין שפּאַניע.

זי אַליין שטאַמט פון אַ פראַנצויזישער משפחה, אין דער געגנט פון קאָרעז. איר פאָטער האָט אָנגעהערט צו דער סאָ־

ציאַליסטישער פּאַרטיי. אין עלטער פון 16 יאָר, אין 1924, האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. געאַרבעט האָט זי אין פּאַריז, אין פאַרלאַג „גאַלימאַר”. שפּעטער איז זי אַריבער אַרבעטן אין פאַרלאַג פון דער סע.זשע.טע. אין די 30־ער יאָרן איז געקומען אַ חבר פון ראַטנפאַרבאַנד (פאַקטיש: אַ פּוילישער ייד), לויט דער רעקאָ־מענדאַציע פון דער פּאַרטיי, און האָט זי צוגעצויגן צו אַ באַ־וועגונג צו פאַרשפּרייטן בילדונג, דורך אָרגאַניזירן ביבליאָ־טעקן אין די פּאַריזער אַראָנדיסמאַנען, ווי אויך גרויסע קולטור־אונטערנעמונגען. די דאָזיקע קולטור־טעטיקייט איז געווען פאַרבונדן מיט די לינקע שרייבער, אינטעלעקטועלע, אָנגעפירט דורכן שרייבער און קאָמוניסטישן טוער פּאָל וואַיאָן קוטיריע. דער דאָזיקער בחור פון ראַטנפאַרבאַנד איז געווען אויך איר ערשטער חתן. אין 1935 האָט מען אים צוריקגערופן קיין מאָסקווע. זי האָט אויך געוואָלט מיטפאָרן. אָבער איר משפּחה, באַזונדערס איר מוטער, צו וועלכער זי איז געווען זייער צוגעבונדן, האָט זי געבעטן, נישט צו פאָרן. איז זי צייטווייליק געבליבן אין פּאַריז. אָבער די שריפט־לעכע פאַרבינדונג, ווי נאָר איר חתן איז אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע, איז באַלד איבערגעריסן געוואָרן.

אים האָט פאַרטראָטן אַ צווייטער חבר, אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער איטאַליענישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אָבער די קולטור־טעטיקייט איז איבערגעפירט גע־וואָרן קיין שפּאַניע. דאָרט איז געגרינדעט געוואָרן אַ פאַרלאַג, און אונטער דעם מאַנטל — אַ גאַנצע ריי אומלעגאַלע טעטי־קייטן. עס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַרשיידענע אויס־גאַבן אין שפּאַניש, פאַר די דרום־אַמעריקאַנער לענדער.

זייט דעמאָלט איז די פרוי מאַרגעריט געווען ענג פאַר־בונדן מיט די שפּאַנישע חברים אין דער שטאָט באַרדאָ. צווישן די שפּאַניער האָט זיך אויך געפונען איינער זשאָרזש

מערקאַדאר, ווען ברודער ס׳איז דערנאָך געוואָרן דער־מערדער פון טראָצקין אין מעקסיקע. זיין פרוי איז אויך געווען אַ ביבליאָטעקאַרין. דעם ערשטן אויפטרייסל האָט זי באַקומען, ווען דער איטאַליענישער חבר, אונטער וועמענס אָנפירונג זי האָט געאַרבעט, האָט צוריקקומענדיק פון אַ באַ־זוך אין מאָסקווע, איר איבערגעגעבן, אַז דער פריערדיקער חבר, מיט וועמען זי האָט צוזאַמען געאַרבעט, איר חתן, איז געוואָרן אַרעסטירט און דערשאָסן. זי האָט שוין דעמאָלט אַפילו קיין מינוט נישט געגלויבט, אין זייערע פּראָצעסן דאָרט. די יוגנט, אַריינגעטאָן אין פּאָליטישע טעטיקייטן, איז זי נישט געניגט צו גלויבן אין אַזעלכע שאַרפע, ברוטאַלע קערן.

איר איצטיקער מאַן איז אויך אַ שפּאַניער. זיי האָבן צוויי זין. דער מאַן איז אַ געוועזענער פונקציאָנאַר פון פינאַנס־מיניסטעריום אין מאָנאַרכיסטישן שפּאַניע. אויך ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער טעטיקייט פון פּאַרלאַג. די בשותפותדיקע אַרבעט האָט זיי דערנענטערט, אָבער זי האָט איינגעהאַלטן איר פּראַנצויזישע בירגערשאַפט. אין דער צייט פון בירגער־קריג איז איר מאַן געווען אין דער רעפּובלי־קאַנישער אַרמיי. ער איז געווען אַן אָפיציר, אַ קאָמאַנדאַנט. פּאָליטיש איז ער נישט געווען אַנגאַזשירט. אָבער נאָכן דער־שטיקן די רעפּובליק, האָבן אים די פראַנקיסטן אַרעסטירט. ער איז געווען פון די ווייניקע, וואָס האָבן באַקומען „בלויז״ 10 יאָר תפיסה. אין 1943 איז ער באַפרייט געוואָרן, לויטן אַמנעסטיע־געזעץ פון פראַנקאָ.

דאַקעגן פרוי מאַרגעריט, איז צוזאַמען מיט א גרופּע פראַנצויזישע בירגער, לויט דער אינטערווענץ פון פראַנצוי־זישן קאָנסול, רעפּאַטריאירט געוואָרן קיין פראַנקרייך. אין פּאַריז האָט זי זיך ווידער פאַרבונדן מיט די לינקע קרייזן אינטעלעקטועלע, און מיט די חברים פון באָרדאָ, מיט דער

פרוי פון יוסף עפּשטיין, די צײן־דאָקטאָרין וואַלעקאָוו, מיט
דער פרוי פון זשאָרזש מערקאַדאָר. אין פּעריאָד פון דער
נאַצישער אָקופּאַציע האָט זי געהערט צום פּאַריזער „באַ־
פרייאונג־קאָמיטעט". דאָרט זענען געווען פאַרטרעטן פאַר־
שידענע פּאָליטישע ריכטונגען, סאָציאַליסטן, גאָליסטן, כּ:
„טעמואַניאַזש קרעטיען". צווישן די פּערזענלעכקייטן, איז זי
געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט לעפּאשא. נאָך דער באַפריי־
אונג, איז ער געווען אין דער דירעקציע פון די רענאָ־
פאַבריקן; מיטן פּראָפעסאָר ראָבער דעברע, לעאָן אַמאַנד,
דער שפּעטערדיקער מיניסטער ביי פּאָמפּידו, דעם שרייבער
און זשורנאַליסט ריגאַל. זי איז געווען פאַרבינדלערין, אין
קאָנטאַקט מיטן סעקרעטאַר פון אַנדריי טאָלע.

צו יענער צייט איז יוסף עפּשטיין געקומען צו איר אין
נאָמען פון דער פּאַרטיי, זי זאָל איבעררייסן אַלע פאַרבינ־
דונגען און טעטיטקייט, זי זאָל בלויז האָבן פאַר אַן אויפגאַבע
צו שאַפן וווינונגען פאַר חברים. אַזוי ווי זי האָט געהאַט
אַ סך באַקאַנטשאַפטן צווישן די אינטעלעקטואַלן, האָט זי די
אויפגאַבע גרינגער געקענט אַדורכפירן. די וווינונג, אין
וועלכער די פרוי עפּשטיין האָט געוווינט אין 15־טן אַראָנ־
דיסמאַן, איז אויך דורך איר געשאַפן געוואָרן. די אַקציע,
דורכגעפירט אויפן פּלאַס אָדעאָן, איז צוגעגרייט געוואָרן אין
קעלער פון איר הויז.

אַן ערך 15 טעג פאַר זיין אַרעסט, האָט יוסף עפּשטיין
איר באַזוכט. ער האָט איר דערציילט, אַז די ערד ברענט
אים אונטער די פיס, ער מוז באַקומען אַ וווינונג, אָבער נישט
אין פּאַריז, ער מוז אויף אַ צייט פאַרשווינדן. זי האָט אים
געשאַפן אַ וווינונג, אָבער ער איז מער נישט געקומען. זי
האָט מער קיין פאַרבינדונג מיט אים נישט געהאַט. מיט
אַ צייט שפּעטער איז געקומען צו איר אַ חבר און פאַרלאַנגט
ביי איר, זי זאָל שאַפן אַ דין זעגל איבערצוזעגן אייזן, מען

זאָל עס קענען פאַרשטעקן אין אַ פּאָדעשווע פון אַ שוך. זי האָט געשאַפן אַ זעגל, און דער שוסטער, דער שכן, אויף פּלאַס סענט אַנדריי דעז אַר, האָט עס קונציק פאַרשטעקט אינעם שוך. דאָס זעגל איז אָבער געווען צו שוואַך, האָט זי באַזאָרגט אַ שטאַרקער זעגל. אָבער ביז ס׳איז דערגאַנגען צו עפּשטיינען אין תּפיסה, איז שוין געווען צו שפּעט.

## די לעצטע טעג פון יוסף עפּשטיין

אַ כאַראַקטעריסטישן שטריך פון עפּשטיינען האָט מיר איבערגעגעבן דער געוועזענער שפּאַנישער קעמפער בענעק. עפּשטיין האָט געהערט צו דער אַננאַ פּאַוקער־בריגאַדע. אויפן פּראָנט ביי דער עבראָ האָט יוסף עפּשטיין באַזוכט זיין קאָמ־פּאַניע, וואָס האָט געהערט צו דער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע, צו טרעפן פּוילישע חברים. דאָרט האָט ער זיך מיט אים באַקענט. בענעק האָט נישט געהערט צו די הויכע מיליטער־קאַדרן. דאָס באַווייזט די באַשיידנקייט פון יוסף עפּשטיין, דאָס נישט בלאָזן פון זיך, כאָטש ער האָט פאַרנומען אַזעלכע הויכע פונקציעס. ער האָט די פריינדשאַפט אויך אונטערגע־האַלטן אין לאַגער, און ווען מען האָט אים באַפרייט און באַשטימט פאַר אים אַ „רעזידאַנס פאָרסעי” (געצוווּנגענעם וווין־אָרט), האָט ער דעם חבר עטלעכע מאָל באַזוכט, אַרויס־געוויזן חברישע זאָרג און איבערגעגעבנקייט.

דער פאָרזיצער פון דער זאַמאָשטשער לאַנדסמאַנשאַפט אין קאַנאַדע, בערל אייזנקאָפּף, שרייבט מיר: „טראָץ דעם וואָס עס זענען שוין פאַרביי כמעט 50 יאָר, שטייט מיר פאַר די אויגן דער פעסט־געבויטער יוסף עפּשטיין. די יוגנט אין גימנאַזיע, ווו איך האָב דאַן געלערנט, זענען געווען עקזאַל־טירט, באַגייסטערט בעת די גימנאַסטישע איבונגען, נאָר

באזונדערס, ווען יוסף עפשטיין איז געלאָפן מיט דער טיטש־קע און איבערגעשפּרונגען אַ גאַנץ גרויסע הויך. אַלע האָבן מיר זיך מיט אים געגרויסט. ער האָט זיך געהאַלטן זייער איינפאַך און אַרויסגעוויזן ליבשאַפט און פריינטשאַפט צו די יונגערע גימנאַזיע־שילער, צווישן וועלכע איך בין אויך געווען".

דער היטלערישער פּאָליציי־אישער מערדער־אַפּאַראַט, צו־זאַמען מיט זייערע פראַנצויזישע מיטהעלפער, האָבן זיך גע־גרויסט און טריאומפירט מיטן אַרעסט פון עפשטיינען, מאנו־כיאן און נאָך עטלעכע צענדליק העראָישע קעמפער פון פּאַריז און אומגעגנט. כאָטש זיי זענען דורכגעגאַנגען לאַנגע, שווערע אינקוויזיציע־פּייניקונגען, מיט דער דייטשער מערדערישער ראַפינירטקייט, האָט קיינער פון די קעמפער זיך נישט איינ־געבראָכן. ס'איז זיי אַפּילו נישט געלונגען צו דערגיין די אמתע אידענטיטעט פון עפשטיינען, פון וואַנען ער שטאַמט. ער האָט נישט געקענט זיין פאַר זיי קיין אָביעקט אין דעם עפנטלעכן פּראָצעס, וואָס די פאַשיסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט געגרייט מיט אַ פּאָמפּע. עס זענען צעקלעפּט געוואָרן די באַרימטע רויטע אַפישן, עס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אויפ־רופן וועגן מאַנוכיאַן און זיינע 22 קאַמפּס־חברים. די פאַשיס־טישע פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך שוין אָנהייב 1944 געניטיקט אין אַ ספּעקטאַקל פון כלומרשטן זיג, עס זאָל הייבן די געפאַלענע מאָראַל, ווייל די „אומזיגבאַרע" דייטשע מלחמה־מאַשין האָט שוין דעמאָלט באַקומען גרויסע קלעפּ אויף די פראָנטן. דער ספּעקטאַקולערער פּראָצעס אין האָטעל "קאָנ־טינענטאַל", מיט דער אָנוועזנהייט פון דער גאַנצער באַצישער פּרעסע, זשורנאַליסטן פון דייטשלאַנד און פון די אָקופּירטע לענדער, האָט געצילט צו באַווייזן, אַז דער גאַנצער ווידער־שטאַנד אין פראַנקרייך ווערט געפירט בלויז פון אַ פּאַר־ברעכערישער באַנדע אויסלענדער און יידן. די דריי פראַנ־

צויזן, וואָס זענען געזעסן אויף דער באַשולדיקונג־באַנק, זענען אָפּגעשטאַנענע יוגנטלעכע, אומגליקלעך־פאַרפירטע פון די יידן... צוליב זיי לײדן די „ערלעכע" פראַנצויזן...

מיט כבוד, ליבע און אָנערקענונג דערמאָן איך די 23 ווידערשטענדלער, די מיט־קעמפער פון יוסף עפשטיין. צווישן זיי זענען געווען 11 יידן. די אַנדערע — אַרמענער, איטאַל־יענער, פראַנצויזן, שפּאַניער. ווי זייער פירער, זענען זיי מיט מוט און כבוד געגאַנגען צום טויט, אין קאַמף קעגן בלוטיקן אַנטיסעמיטישן, חיהשן פאַשיזם, פאַר פרייהייט און מענטשן־פאַרברידערונג.

## די לעצטע ווערטער פון יוסף עפשטיין

36 יאָר שפּעטער, ווען מען לייענט די לעצטע ווערטער, וואָס עס האָבן געשריבן די צום טויט־פאַרמשפּטע, דריי שעה פאַר דער עקזעקוציע, זעען מיר דעם הויכן הומאַניזם זייערן. זיי האָבן ליב געהאַט דאָס לעבן. אָט זענען עטלעכע אויסצוגן פון דעם בריוו פון מאַנוכיאַן, דער פּאָעט, רעדאַקטאָר פון אַן אַרמענישער צייטונג: „היינט וועל איך דער זון און די שיינע נאַטור, וואָס איך האָב אַזוי ליב, זאָגן אַדיע, מיין לעבן און אייך אַלע, טייערע געליבטע פרוי מיינע, טייערע פריינט. איך קוש אייך און דריק אייך צום האַרץ".

דער איינזשיניער־כעמיקער באָטשאָוו האָט שוין נישט גע־האַט צו וועמען צו שרייבן און געזעגענען זיך פאַרן טויט. דער יונגער שפּאַניער שרייבט: „איך באַדויער נישט מיינע טאַטן פון דער פאַרגאַנגענהייט. ווען איך קען, וואָלט איך אויפסניי אָנגעהויבן. איך שטאַרב פאַר אַ פריי פראַנקרייך". דער 21־יאָריקער מאַרסעל ריימאָן, אַ מיטאַרבעטער און מיט־קעמפער פון יוסף עפשטיין, שרייבט צו דער מאַמען: „איך

האָב דיך ליב ווי די גאַנצע וועלט. איך טראַכט פון דיר ביז דער לעצטער סעקונדע פון מיין לעבן". דער 18־יאָריקער איטאַליענישער אַרבעטער: „טייערע טאַטע און מאַמע, דער טויט שרעקט מיך נישט, זייט מוטיק און שטאַרק". צווישן די אַלע — יאַנאַס געדולדיק, פון אַ שכנותדיקער שטאָט ביי זאַמאָשטש, כרוביעשאָוו, געקומען פון ארץ ישראל, צוזאַמען מיט עפשטיינען, געקעמפט אין שפּאַניע, אין דער אַננאַ פּאָו־קער־בריגאַדע; ווילי שאַפּיראַ, אַרויסגעשיקט פון פּאַלעסטינע דורך די ענגלענדער, מאַריס פינגערצווייג, וואָס זיינע עלטערן זענען דעפּאָרטירט געוואָרן. ער שרייבט צו אַ שכנטע: „איך געזעגן זיך מיט אייך. איך האָב געקעמפט, אַז דאָס לעבן זאָל זיין בעסער. אַז מיינע עלטערן און ברידער וועלן צוריק־קומען, זאָגט זיי, אַז איך בין געשטאָרבן מוטיק און געטראַכט ביז דער לעצטער מינוט פון זיי". דער 18־יאָריקער וואָלף ווייסבראָד פון קראַשניק, וואָס די עלטערן זיינע זענען געוואָרן דעפּאָרטירט, דערקלערט אויפן פּראָצעס: „מיין ליבע צו פראַנקרייך האָט מיך געשטויסן צו קעמפן, זי זאָל זיין פריי און אומאָפּהענגיק". אַ פראַנצויזישער יוגנטלעכער ראָבערט ווישניט, שרייבט צו די עלטערן: „זייט מוטיק. אַ סך פאַלן אויף די פראָנטן. איך באַדויער בלויז, וואָס אין דער לעצ־טער מינוט קען איך אייך נישט אַרומנעמען און צודריקן צו מיין האַרץ. דעם זיידן און דער באָבען קוש איך. מיר וועלן זיך טרעפן אין דער הויך, אין הימל"... דער איינציקער הערצישער פרוי פון קעשענעוו, גאָלדע, האָבן די נאַציס לאַנג טאָרטורירט ביי דער אויספאָרשונג אין פּאַריז, דער־נאָך אַוועקגעפירט איר קיין שטוטגאַרט און איר דאָרט אָפּ־געהאַקט דעם קאָפּ מיט אַ האַק.

איך וויל פאַרענדיקן מיט אַ פּאָר ווערטער פון יידישן יוגנטלעכן שלמה גזשיוואַטש. זיינע ווערטער רופן זיך איבער מיט די יידישע העלדן, דעם ווילנער שוסטער־אַרבעטער

הירש לעקערט און פון לעמבערגער יונגן אַרבעטער נפתלי באַטווין: „איך וועל פאַרהיטן מיין קאַלטבלוטיקייט ביז דער לעצטער מינוט. איך וועל פאַלן ווי עס פאַסט פאַר אַ יידישן רעוואָלוציאָנער".

## דער לעצטער בריוו צו זיין פרוי און קינד

יוסף עפּשטיין איז געמשפּט געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך 18 פראַנצויזישע ווידערשטענדלער. זייער פּראָצעס איז פאָר־געקומען אין שטעטל סאָן־קלאָד. אַלע זענען זיי פאַרמשפּט געוואָרן צום דערשיסן. און דעם 11־טן אַפּריל 1944 איז יוסף עפּשטיין, אָדער קאָלאָנעל זשיל, געפאַלן צוזאַמען מיט זיינע חברים אונטערן פייער פון עקזעקוציע־פּעלעטאָן אויפן מאָן וואַלעריאַן. דריי שעה פאַר זיין עקזעקוציע האָט ער אָנגע־שריבן דעם בריוו צו זיין פרוי און זיין קליינעם זון:

„מיין קליין יינגעלע, מיין זון,

„ווען דו וועסט זיין גרויס, וועסטו לייענען אָט דעם בריוו פון דיין פאָטער. איך האָב דעם בריוו געשריבן דריי שעה, איידער איך בין געפאַלן אונטער די קוילן פון די דייטשן. איך האָב דיך אַזוי שטאַרק, שטאַרק ליב, מיין קליין יינגעלע. איך לאָז דיך אַליין מיט דיין טייערער מוטער. האָבן זי ליב, דיין מוטער. מאַך זי גליקלעך. פאַרטרעט דיין פאָטער פאַר איר. זי איז אַ גוטע, דיין מאַמע, און דיין פּאַפּאַ האָט זי אַזוי שטאַרק ליב. טרייסט איר, מיין טייער קינד, העלף איר מיט. דו ביסט אַצינד פאַר איר אַלץ. ברענג איר פרייד, זיי גוט און מוטיק.

„כ'וועל פאַלן מיט מוט, מיין טייער קינד, פאַר דיין גליק, און פאַרן גליק פון אַלע קינדער און אַלע מוטערס.

„פאַרבאַהאַלט פאַר מיר אַ קליין ווינקעלע אין דיין האַרץ.

אַ גאַר קליין ווינקעלע, בלויז פֿאַר מיר. פֿאַרגעס נישט דיין פֿאָטער.

„מיין טייער קליין יינגעלע, איך זע פֿאַר זיך דיין צע־שמייכלט פּנימל, איך הער דיין פֿריילעך שטימעלע. איך זע דיך מיט אַלע מיינע חושים. ביסט אונזער גאַנץ גליק, מיינס און דאָס גליק פֿון דיין טייערער מאַמען.

„אין די לעצטע מינוטן טראַכט איך וועגן דיר, מיין טייער קליין יינגל, און וועגן דיין ליבער מוטער. זייט גליק־לעך, אין אַ וועלט אַ בעסערער, אַ מער מענטשלעכער. זיי מוטיק, מיין קליינע, טייערע פֿאָלאַ.

„איך דריק אייך ביידע אין מיינע אָרעמס, איך קוש אייך מיט אַלע מיינע כּוחות, מיט מיין גאַנץ האַרץ.

„אייער „פּאַפּאַ קאַר״. מיין פֿריינטשאַפֿט צו אַלע אונ־זערע נאָענטע״.

דער קאָלאָנעל זשיל, אָדער יוסף עפּשטיין, ליגט אויפֿן פּאַריזער בית עולם אין איוורי, אונטערן נאָמען, וואָס ער האָט זיך צוגעאייגנט מלחמה־צייט, אין דער צייט פֿון קאַמף, וואָס האָט זיך פֿאַר אים אָנגעהויבן אין 1936 קעגן פֿאַשיזם און נאַציזם אין שפּאַניע: זשאָזעף אַנדריי. לעצטנס האָט זיין פֿרוי פֿאַרשטאַנען, אַז פֿון געשיכטלעכן שטאַנדפּונקט איז וויכטיק, אַז אויף זיין מצבה זאָל פֿיגורירן זיין ריכטיקער פֿאַמיליע־נאָמען, ווי אַ נישט־אָפּפֿרעגנדיקן פֿאַקט פֿון יידישן אָנטייל אין ווידערשטאַנד אין פֿראַנקרייך. אויף זיין מצבה איז אויס־געקריצט: יוסף עפּשטיין.

## נאָכוואָרט פון מחבר

במשך פון די אָפּגעלאָפענע 35 יאָר נאָכן בלוטיקן מבול, וואָס דער פינצטערער היטלעריזם האָט געבערענגט אויף אַ האַלבער וועלט, איז שוין וועגן דעם אַלעם פיל געשריבן געוואָרן. מיר, יידן, האָבן דערביי געליטן דעם גרעסטן בלוט־אָפּפלוס, אַ דריטל פון פאָלק איז בעסטיאַליש אויסגעמאָרדעט געוואָרן. וועגן גרויסן חורבן איז באַזונדערס גילטיק דער זאָג פון דער אַלטער הגדה: „כל המרבה לספר, הרי זה משובח". (וואָס מער מען וועט דערציילן, אַלץ מער דאַרף עס געלויבט ווערן). אין די 60־ער יאָרן, ביים צוזאַמענטרעפן זיך אין פאַריז מיט דער שארית הפליטה פון מיין געבוירן־שטאָט זאַמאָשטש, האָב איך זיך ערשט דערוווּסט וועגן דער גרויסער העלדישער פערזענלעכקייט פון מיין לאַנדסמאַן יוסף עפּשטיין; איך האָב זיך דערוווּסט וועגן זיין אָנפירנדיקער ראָלע אין פעריאָד פון דער היטלערישער אָקופּאַציע, אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פאַריז. ער האָט זיך דערהויבן צו די העכסטע הויכן פון גבורה.

מיין געוויסן האָט מיך געמאָטערט, נישט קיין רו געגעבן, אַרויסצוהייבן און פאַראייביקן אָט די שיינע העלדישע געשטאַלט. דאָס איז מיין חסד של אמת לגבי מיין חבר פון יונגערן דור זאַמאָשטשער אַרבעטער־טוער, רעוואָלוציאָנערן. ער איז געפאַלן אין באַוואָפנטן קאַמף קעגן גרעסטן שונא פון דער מענטשהייט, קעגן גרעסטן שונא פון יידישן פאָלק. אמת, עפּשטיין ווערט דערמאָנט אין אַ צענדליק ביכער, אין דער געשיכטע פון פראַנצויזישן ווידערשטאַנד. איך

האָב זיך באַמיט, אויף וויפל ס'איז מיר געלונגען, אַרויסצו־ברענגען זיין יחוסדיקן אָפּשטאַם, אויפן פאַן פון זיין געבורט־שטאָט זאַמאָשטש; ער איז געווען אַ פּלימעניק פון גרויסן י. ל. פרץ, האָט צוזאַמען מיטן מילך פון זיין מוטערס ברוסט איינגעזאַפּט אין זיך די הייליקע רייד פון י. ל. פרץ:

„מיר בעטן נישט,
מיר בעטלען נישט,
גרויסע, שטאָלצע יידן זענען מיר".

ער האָט נישט געוואַרט, ביז דער ראַטנפאַרבאַנד וועט באַפאַלן ווערן פון זיין „פריינט" היטלער, נאָכן טרויעריק־באַקאַנטן אָפּמאַך, נאָר ער האָט גלייך פון ערשטן טאָג אָן אָנגעהויבן דעם קאַמף קעגן פאַשיזם אין פראַנקרייך. די יידישע יוגנט פון פוילן האָט געלעבט אין אַ פיינטלעכער סביבה, און בלויז יחידים האָבן פאַרווירקלעכט דעם ברע־נענדיקן צאָרן און דראַנג צו נקמה.

עס דאַרף אַרויסגעהויבן ווערן יידישע גבורה אין שווערע באַדינגונגען אין פראַנקרייך, ווו די קעמפער האָבן מערסטנס געמוזט אויסבאַהאַלטן זייער אייגענע יידישע נאַציאָנאַלע אידענטיטעט. 80 טויזנט יידן האָבן געדינט אין דער פראַנ־צויזישער אַרמיי. די איבערוועגנדיקע מערהייט האָבן זיך אַנגאַזשירט פרייוויליק; דאָס האָט פאַרגעשטעלט 27 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין פאַרגלייך מיט דער אַל־געמיינער פראַנצויזישער באַפעלקערונג, וואָס האָבן געדינט איז בלויז געווען 12 פּראָצענט. דערמיט וואַרפן מיר אָפּ דעם פאַלשן איינשטעל, אַז יידן זענען געגאַנגען ווי שאָף צי דער שחיטה.

אונזערע גבורים זענען אַ לייכטנדיקער פאַקל פאַר די קומענדיקע דורות. יוסף עפּשטיין און זיינע מיט־קעמפער

מאַרסעל ריימאַן, וואָלף ווייסבראָד, שלמה גזשיוואַטש און אַזוי פיל אַנדערע, וועלן, צוגלייך מיט די וואַרשעווער געטאָ־קעמפער און די קעמפער פון אַנדערע געטאָס, אַריין אין פּאַנטעאָן פון דער יידישער אייביקייט.

## אַ פּאָר ווערטער פון אַ שפּאַניע־קעמפער

דער חבר משה זאַלצמאַן האָט געטאָן אַ הייליקע אַרבעט מיטן אויפשטעלן דעם מאָנומענט פון קאָלאָנעל „זשיל", דעם לעגענדאַרן העלד פון דער פּאַריזער ווידערשטאַנד־באַוועגונג דעם קאָמענדאַנט פון די פּאַריזער פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געקעמפט העלדיש, און פאַרביסן קעגן היטלערישן אָקופּאַנט.

איך גלויב, אַז די מערהייט קעמפער פון פּאַריז און אומגעגנט, האָבן נישט געוווסט, אַז אונטערן נאָמען קאָלאָנעל „זשיל" האָט זיך אויסבאַהאַלטן פאַר די דייטשן און זייערע מיטהעלפער דער יידישער אינטעלעקטועלער בחור יוסף עפּשטיין. היינט מער ווי אַלעמאָל, סיי פון רעכטס, סיי פון לינקס, באַמיט מען זיך צו פאַרשוויגן און אויסמעקן דעם יידישן אַנטייל אין קאַמף קעגן דער נאַצי־פּעסט. ס'איז אַ פאַקט, אַז יידישע אַרבעטער, פאָלקס־מענטשן און אינטעלעקטועלע, ווען זיי האָבן נאָר געהאַט די מינדסטע פיזישע מעגלעכקייט, האָבן זיי געקעמפט ווי לייבן קעגן דעם חיהשן היטלער־פאַשיזם.

יוסף עפּשטיין איז אויך געווען פון די ערשטע פרייוויליקע אין דער שפּאַנישער בירגער־קריג.

די יידישע פרייוויליקע האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי קעמפן נישט בלויז קעגן שפּאַנישן פראַנקאָ־פאַשיזם, נאָר זיי קעמפן קעגן גרעסטן אין דער געשיכטע שונא פון יידישן פאָלק, קעגן היטלעריזם.

זיי האָבן פאַרגעפילט, אַז מיטן פאַלן פון מאַדריד וועט אויך פאַלן וואַרשע, און אַז היטלער וועט פאַרווירקלעכן זיין פּראָגראַם פון „מיין קאַמף", צו פאַרניכטן דאָס יידישע פאָלק.

עס איז אויך נישט קיין צופאַל, ווען היטלער האָט אָקופּירט פראַנקרייך, זענען די, וואָס זענען געשטאַנען כמעט אין שפּיץ פון קאַמף קעגן היטלעריסטישן אָקופּאַנט, געווען די יידישע שפּאַנישע פרייוויליקע, געוו. באָטוויניסטן. ווען משה זאַלצ־מאַן פאַרגלייכט שלמה גזשיוואַטש צו הירש לעקערט און באָט־ווין, וועלכע זענען געווען שוסטער, אַלס סימבאָל, וויל איך דערמאָנען, אַז שלמה גזשיוואַטש איז טאַקע געווען אַ שוס־טער־אַרבעטער. איך האָב מיט אים געשמאַכט צוזאַמען אין איין באַראַק אין לאַגער גירס, אין פראַנקרייך. שלמה גזשי־וואַטש איז געווען זייער אַ באַוווסטזיניקער חבר; אַ מענטש פון יושר, פון פרייהייט. ער האָט נישט מיט אַלץ איינגעשטימט און אַ סך מאָל קריטיקירט געוואָרן דורך די פּאַרטייער צוליב זיינע אָפּאָזיציאָנעלע אַרויסטרעטונגען קעגן אַליין־הערשעריי. אָבער שלמה, דער פרייהייט־קעמפער, איז פון די ערשטע, וועלכע האָבן אַוועקגעגעבן זייער יונג לעבן אויפן מזבח פאַר דער פרייהייט, ווערט אכזריותדיק געפייניקט דורך דער געס־טאַפּאָ און שפּעטער — דערשאָסן מיט אַנדערע אויסלענדער, דאָס רוב פון זיי — יידן; צוזאַמען מיט די 23 מאַרטירער. זייערע בילדער זענען געוואָרן אויסגעקלעפּט אויף די מויערן פון פּאַריז אַלס „יידישע באַנדיטן", וועלכע קעמפן כלומרשט פאַר פראַנקרייך.

צווישן אַנדערע, איז דערשאָסן געוואָרן יונה געדולדיק, שטאַמט פון הרובעשיוו, געקומען קיין שפּאַניע פון ארץ יש־ראל, געווען רעדאַקטאָר פון דער „באָטווין־צייטונג" אין יידיש אין שפּאַניע. עס איז אומגעבראַכט געוואָרן דער העלדישער לעאָן פּאַקין. ס'איז אומגעקומען דער אינזשיניער־כעמיקער הערשל צימערמאַן, וואָס האָט פּראָדוצירט באָמבעס און אַנדע־רע אויפרייס־מאַטעריאַלן פאַר די פּאַרטיזאַנער אין פּאַריז און אומגעגנט.

די שפּאַנישע קעמפער זענען אויך געווען פון די ערשטע

אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אונטערגרונט אין אוישוויץ, ווי: דוד שמולעווסקי און שמעון זיידאַוו. אומעטום, אויף אַלע פראָנטן און לענדער פון אייראָפּע, האָבן אין אַנטי־היטלערישן קאַמף אנטיילגענומען יידישע פרייוויליקע. ס'איז אַ פאַקט, אַז פון די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַני־זאַציע אין ווארשע איז געווען דער סטודענט פון מעדיצין און שפּאַנישער פרייוויליקער פּנחס קאַרטין, „אַנדזשעי״, פון די ערשטע צום טויט־פאַרפייניקטע פון דער געסטאַפּאָ.

מען קאָן אויסרעכענען אַ סך נעמען פון העלדישע און מוטיקע יידיש־שפּאַנישע פרייוויליקע, אומגעקומענע אין קאַמף קעגן היטלעריזם.

איך מיין, אַז מען קען נישט אָפּטיילן דעם קאַמף קעגן פראַנקאָ און היטלער־מוסאָליני־פאַשיזם פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## משה קרעמפּעל — (רמת גן).

(דער שפּאַנישער קעמפער משה קרעמפעל איז געבוירן געוואָרן אין טישאָוויץ, נישט ווייט פון דער געבוירן־שטאָט פון יוסף עפּשטיין, זאַמאָשטש).

**פון זעלבן מחבר:**

„און מען האָט מיך רעהאַביליטירט"

**(איבערלעבונגען פון אַ יידישן קאָמוניסט**

**אין סטאַלינישע תפיסות און לאַגערן.)**

איבערגעזעצט אויף עברית און פראַנצויזיש.



דער ערשטער לינקס — יוסף עפשטיין אויף אַ דעמאָנסטראַציע
פאַר העלפן די שפּאַנישע רעפּובליק.



יוסף עפשטיין (לינקס) צוזאַמען מיט אַ חבר
אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע.



יוסף עפשטיין און זיין פֿאָטער.



UNIWERSYTET WARSZAWSKI

DOWÓD OSOBISTY
AKADEMICKI

Student ....... Wydz. prawnego
Epsztejn
Józef
jest zapisany ... w albumie Uniwersytetu Warszawskiego pod
L. 31532

t. cz.
REKTOR

זיין אוניווערסיטעט־דאָקומענט אין וואַרשע.





יוסף עפשטיין אַלס שפּאַנישער קאָמאַנדיר.

אויבן: צוזאַמען מיט אַ גרופּע קאָמאַנדירן אין שפּאַניע.



דער ערשטער לינקס — יוסף עפשטיין אין לאַגער גירס.

*Joseph Epstein (colonel Gilles), commandant en chef des F.T.P. de la région parisienne, fusillé le 11.4.44 sous son nom d'engagement dans les Brigades internationales.*





República Española

Número de la libreta: 8.948

Brigadas Internacionales

CARNET MILITAR PARA

Apellidos: Andrej

Nombre: Josef

LEER CON ATENCION

*Rapport de Joseph Epstein.*

Si un jour l'U.R.S.S. entrait en guerre contre l'Allemagne, elle aurait avec elle l'immense majorité du peuple de France.

*Son testament de clandestin quand il entra aux F.T.P.*

Ce testament est fait la veille de mon entrée dans l'organisation de Franc-Tireurs qui combattent les Allemands en France. Je me sers de faux-papiers et il est possible que si je suis tué ou fusillé l'acte de décès sera dressé à ce nom.

אויבן: עפשטיינס מיליטעריש ביכל אין דער אינטערנאַציאָ־
נאַלער בריגאַדע. אין דער מיט — אַן אויסצוג פונעם בריוו צום
סאָוויעטישן קאָנסולאַט. אונטן: די צוואה, ווען ער האָט זיך
אָנגעשלאָסן אין פ. ט. פ.






יוסף עפשטיין אויף דער פריי.

אויבן: פאָטאָגראַפירט אין דער געסטאַפּאָ